


מענדל עלקין — 1937

מ. עלקין

# אַ פּאָר כמו אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן

בארימען זיך ניטאָ מיט וואָס, — כ׳בין אַ ישוב׳ניק. געבאָרן געוואָרן אין אַ דאָרף, וואָס הייסט בראַזשע, חי״ וויאָרסט פון דער שטאָט באָברויסק, מינסקער גובערניע.

קיין זאַטע און ליכטיקע קינדהייט האָב איך ניט געהאַט. דער טאַטע, ווי דער סדר איז, אַ פיינער איד, אַ יודע ספר, אָבער אַ ביטערער אָרימאַן, געהאָרעוועט טאָג און נאַכט, כדי ער און זיינע בני־בית זאָלן אונטערהונגערן אַביסל...

די מאַמע, אַ שוואַכע און צאַרטע פרוי, האָט כסדר אומגעוואָגלט איבער די דערפער מיט אַ פּעקעלע נאָדלען, קנעפּלעך, צוקערלעך און אַנדערע אַזעלכע חפצים, און צוריק געשלעפּט אויף אירע שוואַכע פלייצעס אַביסל מעל אויף ברויט, קאַרטאָפליעס ושאָר ירקות...

קינדערלעך, קיין עין הרע, זענען געווען ביי אַ צענדליק. איך בין געווען דער צווייטער אין דער קינדער־משפחה.

ניט געקוקט אויף דער גרויסער אָרעמקייט, איז אין הויז פונדעסטוועגן שטענדיק געווען אַ גוטער מלמד, ביי וועלכן עס האָבן זיך, חוץ מיר און מיין ברודער, אויך געלערנט עטלעכע פון די דערבייאיקע דערפלעך, און ווי ניט ווי האָב איך צו צען יאָר שוין געקאָנט לערנען פאַרן טאַטן אַ בלעטל גמרא.

פון דער פריער יוגנט אָן איז מיר אויסגעקומען אַרויסצוהעלפן אין שטוב. דער עיקר האָב איך אַרויסגעהאָלפן דעם טאַטן אין מילכל, וואו ער האָט געמאַכט גרויפּן. די הילף מיינע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב זייער פלייסיק אָפּגע־

טרייסלט דעם שטויב פון זיין טלית קטן... דער מאַמען האָב איך אויך אַרויסגעהאָלפן מיט דעם, וואָס כ׳בין שטענדיק נאָך איר נאָכגעלאָפן ווען זי האָט געשלעפט עמערס וואַסער...

צו עלף יאָר בין איך שוין אַ ישיבה בחור, לערן אין באַב־רויסק ביי אפרים איטשע דעם ראש ישיבה אין „גרוים טיש״, עס „טעג״ (אַי, די טעג, די טעג!...) און גרייט זיך צו כסא הרבנות...

אמת, אויך דאָ האָב איך אַביסל צוגעהונגערט. ערשטנס האָט מיר געפעלט „פּרייטיק״; האָב איך געמוזט אַ גאַנצע וואָך שפּאָרן פון מיינע מאָגערע מאָלצייטן — אַ בייגל, אַ שטיקל אוגערקע — פאַר פּרייטיק. די מאָלצייטן, וואָס מען האָט אונ־טערגעטראָגן די קלויזניקעס זענען סיי ווי געווען זייער מאָגערע און דעריבער האָב איך זיך אין שטאָט אויך ניט אָנגעגעסן צו זאַט.

מיט איינעם פון מיינע טעג־געבער, וועלכער האָט מיך באַ־האַנדלט ניט זייער אויפמערקזאַם, האָב איך זיך שפּעטער אָפּ־גערעכנט אויף טערקיש. ער איז געווען אַ איד אַ מטופל מיט אַ היבש ביסל טעכטער, האָב איך איינע פון זיי אַוועקגענומען פון אים און האָב מיט איר חתונה געהאַט... איך האַלט זיך מיט איר גאָט צו דאַנקען עד היום, ביז הונדערט און צוואַנציק...

ווען איך האָב דערשפּירט, אַז אָט־אָט ווער איך שוין אַ בר מצוה׳ניק, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן „תכלית״. איך האָב באַשטימט לאָזן זיך אין דער וועלט אַריין. אָבער וואוהין?

ניט ווייט פון אונדזער דאָרף האָט זיך געפונען אַ גרויסער וואַלד־געשעפט. דער הויפּט פאַרוואַלטער פון דעם געשעפט איז געווען אַ איד מיטן נאָמען זלמן עלקין, דעם טאַטנס אַ ווייטער קרוב. האָב איך באַשלאָסן גיין צו אים און בעטן ער זאָל מיר געבן אַ „שטעלע״...

דער טאַטע, געדיינק איך, איז דאַן אין דערהיים ניט גע־ווען, האָב איך מיינע פּלענער דערציילט דער מאַמען און אין אַ טאָג אַרום האָט זי מיך אויסגעריכט אין וועג אַריין.

עס איז געווען זייער אַ קאַלטער ווינטער. קיין וואַרימן

בגד האָב איך ניט געהאַט, — האָט מיר די מאַמע אָנגעטאָן דעם טאַטנס אַן אַלטן מאַנטל, אין וועלכן מען האָט געקאָנט אַריינשטופּן אַ האַלבן טוץ אַזעלכע גבורים ווי איך, האָט מיך אונטערגעגאַרטלט מיט אַ האַנטוך; די אויערן פאַרבונדן מיט אַ דאַרפּיש טיכל און צודריקנדיק מיך צום האַרצן, האָט זי באַנעצט מיין קינדיש פּנים מיט זודיקע טרערן און האָט מיך געבענטשט אויף מיין רייזע אין דער גרויסער וועלט אַריין...

מער האָב איך זיך שוין קיינמאָל ניט אומגעקערט צו מיינע עלטערן, זייענדיק אָנגעוויזן אויף זייער הילף; פון דאַמאָלסט אָן האָב איך שוין אָנגעהויבן זיי אַרויסצוהעלפן.

אַ האַלב פאַרפרוירענער בין איך אָנגעקומען אין דעם דאָרף, וואו איך האָב באַדאַרפט.

אַז דער פאַרוואַלטער פון'ם וואַלד־געשעפט האָט זיך דער וואוסט, וואָס איך פאַרלאַנג פון אים, האָט ער זיך צעלאַכט און האָט אַ פרעג געטאָן:

— עסן ווילסטו? וואַרט אַ ווײַלע, באַלד וועלן מיר אָפּעסן, וועל איך דיר געבן אַ שטעלע...

אין אַ שעה אַרום האָב איך זיך דערוואוסט, אַז איך האָב שוין אַ „שטעלע", — איך בין באַשטימט געוואָרן פאַר אַ קוכער, דאָס הייסט צו קאָכן גוטע מאָלצייטן פאַר די אָנגעשטעלטע. אַי, פון וואַנען ווייס איך ווי מען קאָכט? — דאָס מאַכט נישט אויס, מ'עט זיך שוין אויסלערנען...

און איך בין געוואָרן אַ קוכער...

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט זיך איבער דער גאַנצער געגנט צעטראָגן אַ קלאַנג, אַז דעם קליינעם מענדלס אַ צימעס קאָסט ניט ווייניקער ווי אַכט הונדערט רובל... אפשר איז עס טאַקע געווען אַן אמת.

אַזוי האָב איך צו צוועלף און אַ האַלב יאָר, אַ באַוואָפנטער מיט קענטעניש פון אַ בלאַט גמרא און אַ רוסישן אַדרעס אָנצושרייבן, אָנגעהויבן מיין קאַריערע.

יאָרן לאַנג בין איך געווען אַן אָנגעשטעלטער ביי דער דאָזיקער וואַלד־פירמע. אָנגעהויבן אַלס קוכער, בין איך אין

זעקס-זיבן יאָר אַרום געוואָרן דער פּאַרוואַלטער פון זייערע גרויסע וואַלד-געשעפטן אין אָריאָלער גובערניע. איך אַליין האָב באַקומען אַ גרויסן געהאַלט און אויך מיין טאַטן האָב איך איינגעאָרדנט אויף אַ שטעלע ביי דער פירמע. מיט דעם האָב איך געמאַכט אַ סוף צו דעם טאַטנס געמאַטערט לעבן און ער האָט זיך מיט דער פאַמיליע אַרויסגעצויגן פון דאָרף אין שטאָט אַריין און איז געבליבן אַ תושב אין באָברויסק זיין גאַנץ לעבן.

די גאַנצע צייט פון מיין זיין ביי דער פירמע, האָב איך געלערנט „פאַר זיך" און זיך געגרייט צו אַן עקזאַמען אַלס „עקסטערן".

די דערפאָלגן מיינע אויפן געביט פון געשעפט האָבן מיך ניט באַפרידיקט. איך האָב כסדר געטרוימט וועגן אַן „אינטע-ליגענטער" פּראָפעסיע און סוף-כל-סוף האָב איך פאַרלאָזן גע-שעפט און האָב זיך גענומען שטודירן. צו ערשט אין אָדעס און שפּעטער ענדיק איך צאָן-ארצט (זובנאָי וורא‌טש) אין כאַרקאָווער אוניווערסיטעט.

מיין גאַנצן לעבן, פון דער פריער יוגנט, האָט עס מיך גע-צויגן צו טעאַטער. ווען איך האָב אויסגעביטן געשעפט אויף שטודירן, האָב איך זיך אויך גענומען צו טעאַטער. צוערשט האָב איך געשפּילט אין אַן אַמאַטאָרישן קרייז אין באָברויסק. דאָרט האָב איך געאַרבעט זייער פלייסיק, דער עיקר אין די זומער-סעזאָנען, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון די באַרימטע שוישפּילער און רעזשיסערן גריגאָרי מאַטקאָווסקי און אָלגאַ ראַכמאַנאָוואַ. שפּעטער געשפּילט מיט די ברידער אַדעלהיים, מיט דער באַרימטער שוישפּילערין פעדאָטאָוואַ א. א. בין גע-ווען איינגעלאַדן אַלס רעזשיסער אין דער מינסקער דראַמאַטי-שער קונסט-געזעלשאַפט. איך האָב געשפּילט אויף דער בינע, און האָב זיך פאַרנומען מיט שטודירן טעאַטער געשיכטע, בינע קונסט א. א. וו.

ליבע צום טעאַטער פאַרפאָלגט מיך דאָס גאַנצע לעבן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן ווען איך נעם זיך צום אידישן טעאַטער, ווערט מיין הויז, וואו זי זאָל זיך ניט האָבן געפונען, דער טע-אַטראַלער אַדרעס פאַר אידישע אַקטיאָרן אין רוסלאַנד. צו

יעדער אידישער טעאַטער-באַוועגונג, האָב איך, נאַטירלעך, אויף דעם אָדער יענעם אופן צוגעלייגט אַ האַנט. איך זעץ אי־בער פיעסן און שפּיל זיי אין אידיש מיט פאַרשיידענע שוי־שפּילער (סעם אַדלער, בן עמי, ל. פריד א. א.)

די מער וויכטיקע אויפטואונגען מיינע אויפן טעאַטער־געביט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר זענען לויט מיין מיינונג: די גרינדונג פונ׳ם אידישן „קאַמער טעאַטער" אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און דער קליינער, קורציעריקער, אָבער בפירוש אינ־טערעסאַנטער, „אונדזער טעאַטער" אין ניו־יאָרק.

אויך צו שריפטשטעלערישער אַרבעט האָט עס מיך גע־געצויגן. נאָכדעם, ווי איך האָב אָנגעהויבן פּראַקטיצירן אַלס ציין־דאָקטאָר, האָב איך אויך אָנגעהויבן ביסלעכווייז שרייבן אין פאַרשיידענע רוסישע צייטשריפטן, דער עיקר אין „טעאַטר אי איסקוסטוואָ".

מיין מעדיצינישע קאַריערע דויערט ניט לאַנג, — אינגאַנצן זעקס יאָר. אַן אומרואיקער פון דער נאַטור, קאָן איך זיך מיט דעם ניט פאַרנעמען. איך גיב עס אויף און ווער איינגעלאַדן אַלס רעדאַקטאָר פון אַ רוסישער סאָציאַליסטישער צייטונג „גאָלאָס פּראָווינציאי", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אין מינסק אָנשטאָט דער פאַרמאַכטער צייטונג „סעווערא־זאַפּאַדני קראַי". ביי דער דאָזיקער רעדאַקציע־אַרבעט בין איך געשטאַנען אַרום אַ יאָר צייט, ביז דער גובערנאַטאָר ערדעלי האָט אַרעסטירט די גאַנצע רעדאַקציע און מיר האָט זיך איינגעגעבן צו מאַכן פליטה פון מינסק.

דער דאָזיקער פאַל האָט מיך געמאַכט פאַר אַ מחוסר לחם. מיין גאַנץ פאַרמעגן איז דאַן באַשטאַנען פון מיין ווייב און קליינע בת יחידה... איך האָב דאַן איבערגעלעבט זייער אַ שווערע צייט, און איך בין געווען געצוואונגען ווידער אַמאָל זוכן חיונה ערגעץ ביי געשעפט. אַ פּאָר יאָר זענען אַוועק זייער שלעכטע און שווערע.

אַ קוריאָזער צופאַל האָט פּלוצלונג געמאַכט אַן איבערברוך אין מיין מאַטעריעלן מצב. איינמאָל, ניט אין אַ שיינעם פרי־מאָרגן, נאָר אין אַ טרויעריקן אָוונט, ווען קיין ברויט מיט רע־

טאַך איז צו וועטשערע אויך ניט געווען, האָט מיך מיין ווייב אָנגערופן מיטן באַרימטן נאָמען „שלים-מזל״. דאָס האָט מיך, נאַטירלעך, זייער באַליידיקט. אויף מיין פראַגע צי וועט זי בלייבן ביי דערזעלבער מיינונג, אויב איך וועל איר אין אַ יאָר אַרום ברענגען אַ טשעק-ביכל אויף פינף טויזנט רובל, — האָט זי געענטפערט, אַז זי איז גרייט, אין אַזאַ פאַל, איר מיינונג צו בייטן...

ווי גרויס עס איז דער כח פון אַמביציע איז צו זען פון דעם, אַז אין אַ יאָר אַרום און טאַקע אין דעמזעלבן טאָג האָב איך געבראַכט מיין ווייב אַ טשעק-ביכל ניט אויף פינף טויזנט, נאָר אויף פינף און צוואַנציק טויזנט. פון דאַן אָן איז עס מיר אַוועק מיט גרויס הצלחה; בשותפות מיט דער פלונית׳טע האָבן מיר דאַן באַשטימט אַ גרויסן טייל פון די פאַרדינסטן אַוועקצוגעבן אויף קולטורעלע צוועקן. און אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן אַלע יאָרן.

איך בין געבליבן אַ געשעפטסמאַן היבשע עטלעכע יאָר, אָבער אויך אין דעם פעריאָד האָב איך זיך פאַרנומען מיט טעאַטער און קולטור ענינים ווי אויך מיט ליטעראַרישע אַרבעטן.

פּאָליטיש האָב איך באַלאַנגט צום „בונד״ פון דעם ערשטן טאָג פון זיין גרינדונג יז 1919. אין דעם יאָר בין איך אַרויס־געטראָטן פון דער פאַרטיי און באַלאַנג ניט מער צו קיין פאַרטיי עד היום.

נאָך דעם אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה בין איך אַוועק קיין סיביר. דאָרט האָט מען מיך מאָביליזירט און אַוועקגע־שיקט אויף מלחמה, וואו איך בין געבליבן ביז עס האָט אויס־געבראָכן די רעוואָלוציע. דאַן בין איך באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט און האָב זיך אומגעקערט אַהיים קיין פעט־ראָגראַד. דאָרט באַטייליק איך זיך אין אָרגאַניזירן אַ גרויסע אידישע טעגלעכע צייטונג („פאָלקס בלאַט״, וועלכע איז אגב קיינמאָל ניט דערשינען) און גרינד דעם אידישן „קאַמער טע־אַטער״, צו וועלכן כ׳האָב אויך צוגעצויגן דעם ניט לאַנג פאַר־שטאָרבענעם אַל. גראַנאָווסקי.

נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, ווער איך באַשטימט אַלס פאַרוואַלטער פון דער קונסט אָפּטיילונג ביים בילדונגס קאָמי־סאַריאַט פון דער ווייסרוסישער רעפּובליק. איך בלייב אין דעם אַמט ביז די פּאָליאַקן פאַרכאַפּן באָברויסק אין סעפּטעמבער 1919. דאַן אַנטלויף איך קיין ווילנע און ראַטעווע זיך אויף אַזאַ אופן אַרויס פון די נעגל פון דער פּוילישער הענקערישער אָכראַנקע, וועלכע האָט געשאָסן יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ וועלכע עס איז באַרירונג מיט דער סאָוועטישער מאַכט.

אין פּוילן בין איך געבליבן ביז סוף 1922. איך האָב אין ווילנע אָרגאַניזירט אַ טעאַטער געזעלשאַפט, האָב זיך באַטיי־ליקט אין דער אַרבעט פון די פּראָדוציר קאָאָפּעראַטיוון און אין 1920 בין איך אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע, וואו איך ווער אויס־געקליבן אַלס פּרעזידענט פון דעם אידישן אַרטיסטן פאַריין. איך מאַך דאָרט אַן אויפפירונג מיט „די ווילנער" (אַן אַש אָוונט, — „אַמנון און תמר" און „דער זינדיקער") און באַטייליק זיך אויך מיט ליטעראַרישע אַרבעטן אין פאַרשיידענע צייט־שריפטן.

אין 1922 טרעף איך זיך אין וואַרשע מיט מיין לאַנגיעריקן חבר און פריינד פּרץ הירשביין און אונטער זיין איינפלוס פאָר א יך אַריבער קיין אַמעריקע אין יאָר 1923.

אַ גרויסע ראָל אין מיין לעבן האָבן געשפּילט די באַקאַנט־שאַפטן מיינע מיט די בעסטע אידישע שריפטשטעלער און קינסטלער. עס איז געווען אַ צייט, ווען מיין הויז איז געווען באַצייכנט מיטן פיינעם נאָמען „סאַלאָן" און טאַקע אין בעסטן זין פון דעם וואָרט. י. ל. פּרץ, י. דינעזאָן, ש. אַש, ד. בערגעל־סאָן, פּרץ הירשביין, א. ווייטער, ש. ניגער, בעל מחשבות, דר. מוקדוני, ש. ראָזענפעלד א. א. זענען געווען אָפטע געסט מיינע. די באַגעגענישן מיט די מענטשן האָבן אָן ספק געווירקט אויפן גאַנג פון מיין לעבן.

אין אַמעריקע... וואָס טו איך אין אַמעריקע?

אין אַמעריקע העלף איך שלעפּן דעם וואָגן פון דער אידי־שער קולטור.

דר. ח. זשיטלאָווסקי

# מענדל עלקינען

האַרציק באַגרים איך מיין פריינד און חבר, מ. עלקין, צו זיין זעכציק־יאָריקן געבוירנטאָג. אין דער צייט פון זיין עפנטלעכער טעטיקייט אין רוסלאַנד איז מיר, — דעם אימיגראַנט, — ניט אויסגעקומען צו קענען אים פּערזענלעך. אָבער גראָד אין יענער צייט, נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע פון 1905—1906 ביז אין מיט דעם באָלשעוויסטישן איבערקער, האָט עלקין פאַרנומען אַ חשוב׳ן פּלאַץ צווישן די אויפבויער פון אונדזער יונגער קולטור־ספערע אין אידיש. און פאַרנומען האָט ער זיין פּלאַץ ניט נאָר ווי אַ דירעקטער קולטור־טרעגער, נאָר אויך, ווי אַ העלפער, — מאַטעריעל און גייסטיק, אין פריינדשאַפטלעכן קאָנטאַקט מיט אַ סך פירנדיקע גייסטער פון יענער צייט.

נאָך דעם באָלשעוויסטישן איבערקער, וואָס האָט געקענט נאַציאָנאַליזירן זיין פאַרמעגן, אָבער ניט אים אַליין, איז ער געקומען קיין אַמעריקע, וואו ער האָט זיך באַלד דערוואָרבן אַ חשוב׳ן נאָמען, ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער אויף פאַרשיידענע פעלדער: דער ליטעראַטור, דעם טעאַטער אין דער דערציאונג פון דעם יונגן דור.

אומעטום אין זיינע אַרבעטן האָט ער אַריינגעטראָגן זיין ענטוזיאַזם אין זיין אידעאַליזם, — דאָס איז דער אַלגעמיינער איינדרוק, וועלכע זיין טעטיקייט לאָזט איבער אויף זיינע פריינד. אומעטום איז ער אויך געבליבן טריי יענעם אידייאישן איינשטעל פון „איד און מענטש״, וואָס פאַר אים קאָן די נייע קולטור אין אידיש נאָר דעמאָלט דערגרייכן איר העכסטן הים־טאָרישן ווערט, ווען זי ווערט דורכגעדרונגען מיט די באַפריי־אונגס־אידעאַלן פון דעם סאָציאַליזם, און דער סאָציאַליזם קאָן נאָר דעמאָלט דערפּאָלגרייך איינווירקן אויף דעם לעבן פון דעם אייגענעם אידישן פאָלק, ווען ער ווערט דורכגעדרונגען מיט

די אידעאַלן פון דעם פאָלקס פּראָגרעסיוו-נאַציאָנאַלער ווידער געבורט.

פריינד און חבר מ. עלקינען ווינטש איך נאָך לאַנגע-לאַנגע יאָר פון פרוכטבאַרער טעטיקייט אין אָט-דער ריכטונג.

אברהם רייזען

# אַ פּאָר ווערטער וועגן מענדל עלקין צו זיין יובילײ

באַגריסן מענדל עלקינען צו זיין יובילײ, אַן ערלעך פאַר־דינטן יובילײ — איז פאַר מיר אַ פרייד. איך קען דעם ליבן מענטשן, דעם טייערן אידן — דעם נייעם, דעם מאָדערנעם אידן, שוין ביי אַ דרייסיק יאָר, איך האָב אַכטונג געגעבן, ווי ער וואַקסט אין זיין גייסטיקער שיינקייט און אין זיין הויכער אינטעליגענץ. געזען אים אין די ערשטע צייטן, ווען ער איז כלומר׳שט געווען רייך, און זע אים אין די היינטיקע טעג, ווען ער איז גייסטרייך און פול מיט אונטערנעמונגס גייסט. ס׳איז געווען אַ פרייד פאַר מיר מיט דרייסיק יאָר צוריק צו טרעפן זיך מיט אים אין מינסק ביי לאַזאַר וויגאדסקי, דעם פירער און פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג קולטור, אין וועמעס הויז איך פלעג אין יענער צייט אָפט אַריינקומען און ס׳איז מיר אַ פרייד צו טרעפן זיך מיט דעם ליב שמייכלנדיקן עלקינען — דאָ אין ניו־יאָרק ביי אַ אידישן שרייבער, ביי אַ געלערנטן, ביי אַ וויסנשאַפטסמאַן. פון גוטן פריינט איז ער געוואָרן טייערער קאָלעגע. זיין איבערדיכטונג פון סאַפאַקאלס — קעניג עדיפּ איז מייסטערהאַפט און בכלל אַ גרויסער ליטעראַרישער דראַמאַטישער אויפטו. זיינע אָריגינעלע ווערק, ווי דאָס בוך וועגן ווייטן סיביר, געשריבן מיט טאַלאַנט פון אַ רייזנדער־פאָרשער און פון אַ בעלעטריסט. זיינע לידער פאַר קינדער און פאַר אונדז — עכטע פּאָעזיע.

און טאַקע ווידער — ער, מענדל עלקין אַליין. מיין פען טאַנצט אַזש פאַר פרייד, צו שרייבן וועגן אים די בלויז עטלעכע שורות, צוליב מאַנגל אין פּלאַץ און צוליב אַ צופעליקער פאַר־שפעטיקונג.

וועגן מענדל עלקינס איידעלער קולטור־טעטיקייט, וועגן



בער עלקין — (ראדושער)
- מ.עלקינס זיידע -



די באָבע שיינע
(בער ראדושערס ווייב)



איטקע עלקין
-מ.עלקינס מוטער-



הירש עלקין
-מ.עלקינס פאָטער-

זיין פריינטשאַפט אַמאָל מיט א. ווייטערן. און היינט — אים צו לאַנגע יאָר מיט פּרץ הירשביינען, וואָס די ביידע דערמאָנטע פלעגן אין די „גוטע״ אַלטע יאָרן פאַרברענגען ביי אים אין זיין גוט, אַרום באָברויסק — וועגן דעם קען מען און מען דאַרף שרייבן גאַנצע קאַפּיטלען.

דערווייל מיינע וואונטשן און מיינע ברכות מענדל על־קינען. ער זאָל נאָך לאַנג לעבן — צו דער פרייד פון זיין פרוי חבר׳טע עלקין, און זיין טאָכטער, די באַגאַבטע פּיאַניסטין און צו אונדזער אַלעמענס פרייד.

מענדל עלקינען — מיט דער ברויזנדער ענערגיע אין אים, מיט זיין ליבשאַפט צום פאָלק און צו די אָרעמסטע פון פאָלק — אַ פאָלקס־מענטש אין שענסטן זין, מיט הויכער אינטעליגענץ — וועט נאָך שאַפן אויפן ליטעראַרישן געביט און אויפן קול־טור־פראָנט, מיט זיין שריפטשטעלערישן טאַלאַנט און מיט זיינע ליכטיקע אייגנשאַפטן, ווי אַ קולטור־טוער.

דוד פינסקי

# דאָס מעשה־בוך מענדל עלקין

איך האָב נישט געקענט מענדל עלקין פון באָברויסק, ווילנע, וואַרשע, פּעטערבורג, פון די אַלע שטעדט אין פאַרשיי־דענע טיילן פון אַלטן רוסלאַנד, וואו ער איז געווען אַ שם דבר. ער איז אויפגעקומען אין דער רוסיש־אידישער עפנטלעכקייט מיט דער נייער כוואַליע פון קולטור־טרעגעריי, וועלכע האָט אויפגעשלאָגן אין אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט, ווען איך בין שוין געווען אין אַמעריקע, זיינע יאָרן זענען פאַר מיר אַ מעשה־בוך. זיי הערן זיך אויך אָן ווי אַ מעשה־בוך.

אַן אָרעמער בחור פון אַ גאַנץ קליינעם שטעדטל ווערט איינפלוסרייכער קולטור־טוער אין די גרעסטע אידישע קהלות. ער קאָן נישט אַריינקומען אין גימנאַזיום צוליב דער פּראָצענט־נאָרמע פאַר אידן, לערנט ער זיך דרויסן, שטודירט אויס אַלס צאָנדאָקטאָר און ווערט — וואַלדהענדלער, מיט גרויסער ציע־ניש צו טעאַטער און ליטעראַטור. לאָזט ער נישט אָפּ זיין האַנט פון געשעפט, אָבער ער לאָזט זי אויך נישט אָפּ פון דעם, צו וואָס עס ציט אים זיין האַרץ. אָט איז ער אין וואַלד און אָט פירט ער אויף אַ פּיעסע, אָפּט שפּילנדיק אַליין אויף דער בינע. אָט פאָרט אויף פליטן איבערן דניעפּר אין אוקריינע אָדער אויף דעם ווילדן אבאקאַן אין דער ווייטער סיביר, און אָט ווערט ער איבערזעצער פון דראַמען. ער ווערט אַ גרויסער פאַרדינער, מאַכט אַ סך געלט און איז דערביי אַ מענטש מיט אַ „פאַנאַנדערגעשפּיליעטער נשמה”. זיין האַנט איז אָפן, ווי די טיר ביי „כהאָ לחמאָ עניאָ”. ווער עס וויל, קאָן קומען און עסן. ער ווערט מעצענאַט, אונטערשטיצער פון ליטעראַטור און טעאַטער.

איז דאָס וואָרט מ ע צ ע נ א ט ריכטיק אָנגעווענדט אויף אים?

אָ, ניין! אין „מעצענאַט” ליגט קאַלטקייט, פרעמדקייט,

אַ פֿון אויבן אַראָפּ, בעל טובה׳שקייט. מענדל עלקין פֿון מיין מעשה־בוך איז עס נישט געווען. ער איז געווען אַ טייל פֿון די, וועמען ער האָט געהאָלפֿן און אונטערגעשטיצט; ער האָט זיך אויפֿגעלייזט אין זיי. אַ מעצענאַט קוקט אין די אויגן פֿון דעם געהאָלפֿענעם, צו ווייס ער, אַז ער, דער מעצענאַט, האָט אים געהאָלפֿן. עלקין האָט געוואָלט, אַז דער געהאָלפֿענער זאָל עס נישט וויסן, נישט וועלן וויסן, נישט טראַכטן דערפֿון. אַ מעצענאַט וואַרט אויף אַ דאַנק, עלקינען וואָלט דער דאַנק באַליידיקט. ער וואָלט יעמאָלט געוואוסט, אַז ער האָט געהאָלפֿן אַ ווילדפֿרעמדן, און אַז זיין הילף איז געווען אַ פּשוט׳ע נדבה. אַ מעצענאַט פֿירט חשבון, עלקין האָט קיין חשבונות נישט געפֿירט. אַ מעצענאַט מאַכט אַ בודזשעט: אַזויפֿיל קאָן ער געבן און אַזויפֿיל דערלאָזט אים זיין האַרץ. עלקין פֿון מיין מעשה־בוך האָט געלעבט אָן אַ בודזשעט. ער האָט נישט געטראַכט און נישט גערעכנט, צו ער קאָן צו ער קאָן נישט, ווייל ער איז נאָכגעגאַנגען נאָך זיין האַרץ, וואָס האָט אים שטענדיק געקלאַפּט, צו טוט ער נישט צו ווייניק. ער האָט גע־מאַכט אַ סך געלט — פֿאַר אַלעמען. ער האָט פֿאַרדינט — פֿאַר אַלעמען.

און ווער איז נישט אַריין אין דעם אַ ל ע מ ע ן? דער עיקר אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער אידישער קולטור. אידישע שריפֿטשטעלער, אידישע שוישפּילער, אידי־שע קינסטלער. ער איז געווען דורכגעקניפּט און דורכגעבונדן מיט אַלעמען. מיט אַלעמען אויף דו און דו, מיט אינגערע און מיט עלטערע. אַן אויפֿגעלייזטער אין זיין סביבה. און זיין סביבה האָט אַרומגענומען באָברויסק און מינסק, ווילנע און וואַרשע, קיעוו און פּעטערבורג. אַלע שריפֿטשטעלער־קרייזן, אַלע שוישפּילער־קרייזן, אַלע קולטור־קרייזן.

און דאָס מעשה־בוך דערציילט פֿון דעם מענטש, וואָס האָט געהאַט אַ זעלטענעם טאַלאַנט צו פֿאַרדינען אַ סך געלט און אויסצוגעבן אַ סך געלט, אַז ער האָט בכלל געהאַט אַ סך טאַלאַנטן. אַ „טאַלענטירטע נאַטור״ אין אַ הויכער מאָס. אַן אויסגעצייכנטער פּאָרלייענער און דעקלאַמאַטאָר, אַן ערשטער

אין ליבהאָבערשע ספּעקטאַקלען, אַ רעזשיסאָר מיט אַ סך פּאַנ־טאַזיע און קאָנען, אַ זייער גוטער איבערזעצער, אַ שניצער, אַ בויער, אַ מאָלער, אַ צייכנער, אַ — אומן יד! אַ וואונדערלעכע פּילזייטיקייט. איינער, וואָס איז געבאָרן געוואָרן צו טאָן זאַכן.

וואוהין וואָלט ער אָנגעשלאָגן, ווען די וועלט וואָלט נישט אַראָפּגעגאַנגען פון אירע רעלסן, און אין רוסלאַנד וואָלט נישט פאָרגעקומען די גרויסע איבערקערעניש? רוסלאַנד פון אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט איז געווען די בעסטע ערד, אויף וועלכער ער האָט געקאָנט וואַקסן און גרויס ווערן. די איבער־קערעניש האָט אים אויסגעוואָרצלט. ער האָט זיך קיין פּלאַץ נישט געפונען אין סאָוועט־רוסלאַנד און פאַרלאָזן זי.

געקומען אַהער, אין אַמעריקע. אַ מעשה־בוך מיט אויס־געריסענע טאָוולען. אָבער געבליבן אויך דאָ — מעשה־בוך.

זיין טאַלאַנט אַ סך צו פאַרדינען האָט זיך דאָ אָפּגעטאָן פון אים. האָט נישט אויסגערייכט פאַר אַמעריקע. האָט זיך נישט געקאָנט אָננעמען אין דער היגער ערד, פאַנאַנדערוואַקסן זיך אין דער היגער לופט — ווי אָפּט אַן איבערגעפלאַנצטער בוים. יעדעס לאַנד האָט אירע אייגענע וועגן צו רייכטום. די געניאַלע קאַרנעגי און ראָקפעלער וואָלטן זיך אפשר נישט אַרויפגעשלאָגן צו רייכטום אין אַמאָליקן רוסלאַנד. און מענדל עלקין האָט נישט געכאַפּט דעם אַמעריקאַנער שניט.

אָבער אונזער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט פראַגן פון אידישער קולטור, האָט שנעל דערקענט אין אים דעם מאַן פון גייסט און וויץ און הייסער איבערגעגעבנקייט צו דער אידישער קולטור. און גענומען זיך אויסצונוצן אַלע זיינע אַנדערע טאַלאַנטן — זי, וועלכע האָט נאָך קיינמאָל קיין איין טאַלאַנט נישט פאַרהאָלפן צו אַנטוויקלען זיך און צו שטעלן זיך אויף די פיס; זי, די ערגסטע אויסבעטערין און אויסזויגערין.

ווען עס האָט זיך געגרינדעט אין ניו־יאָרק די טעאַטער־געזעלשאַפט איז ער, דער ערשט אַריינגעקומענער אין לאַנד, אַריינגעצויגן געוואָרן אין אירע אַרבעטן. ער איז געוואָרן דער מיטרעדאַקטאָר פון איר מאָנאַטשריפט „טעאַליט", און ער האָט

געטאָן זיין אַרבעט גוט: דער „טעאַליט" האָט זיך געקאָנט באַ־ווייזן צווישן לייט. אָבער די געזעלשאַפט, וועלכע האָט אים געגרינדעט, האָט אים נישט פאַרזאָרגט מיט מיטלען. זי האָט אים געקאָנט גרינדן, אָבער נישט געקאָנט ווייטער פירן און אָנהאַלטן. דער כישוף־מאַכער פון באָברויסק האָט דאָ נישט געקאָנט העלפן. דער „טעאַליט" האָט זיך געמוזט צומאַכן.

עלקין ווערט מיטדירעקטאָר פון דער טעאַטער־געזעל־שאַפט „אונדזער טעאַטער". דאָ צייכנט ער זיך אויס אַלס פאַרפאַסער פון דעם צווייטן אַקט צו אַנסקיס „טאָג און נאַכט". דער דאָזיקער צווייטער אַקט איז געווען דער דערפאָלג פון דער פיעסע, ווען זי איז אויפגעפירט געוואָרן אין יענעם קליי־נעם בראָנקסער טעאַטער. אָבער ווידער האָט די געזעלשאַפט געקאָנט גרינדן אָבער נישט ווייטערפירן און נישט דערהאַלטן. דאָס טעאַטער איז אונטערגעגאַנגען און מיט אים אויך עלקינס האָפנונג, אַז דאָ האָט ער געפונען אַ פּלאַץ, וואו ער וועט קאָנען אויסלעבן זיך אַלס טעאַטער־מענטש.

באַלד נאָך דעם האָט מאָרים שוואַרץ אים אָנפאַרטרויט צו אָרגאַניזירן אַ קינדער־טעאַטער אין זיין „קונסט טעאַטער". אַן אונטערנעמונג נאָך עלקינס האַרץ. ער האָט ליב קינדער, ליב טעאַטער, ליב קינדער־טעאַטער. אַ אידישער קינדער־טעאַטער וואָלט געקאָנט ווערן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער אידישער דערציאונג. די בעסטע אונטערשטיצונג פון דער אידישער פאָלקשול. אָבער אויך די דאָזיקע אונטערנעמונג האָט געדויערט פון אסתר תענית ביז פּורים. עלקין האָט זיין אַרבעט גוט געטאָן. ע ר האָט נישט אַנטוישט. מען האָט א י ם אַנטוישט.

וואָס האָט ער שוין דאָ נישט איבערגעטאָן! וואָס איז ער שוין דאָ נישט געווען אין דער אַרבעט פאַר אידישער קולטור און דעם אידישן וואָרט! פאַר דער צייט האָט ער אויך אַרויס־געבראַכט זיין בוך „קאָיבאַלער סטעפּעס" — אַ בוך וועגן די ווילדע שבטים פון סאָיאָטאָ־מאָנגאָלער געגנט, וועגן די גרים אין מינוסינסק, וועגן די אידן אין סיביר. גאָר נישט קיין אינ־טערעסאַנטע זאַכן אין יאָר 1934, ווען דאָס בוך איז דערשינען.

אָבער עס איז געווען אינטערעסאַנט אויסצוגעפינען, ווי לייכט און לעבעדיק ער קאָן שרייבן איבער אומאינטערעסאַנטע זאַכן. עלקין איז אין דעם בוך דערשינען אין אַ גאַנץ נייער ראָליע. אַ גוטער פּראָזע־שרייבער, אַ גייסטרייכער איבערגעבער פון זיינע באָאַבאַכטונגען. די אידישע געזעלשאַפטלעכקייט, וועלכע האָט אַרויפגעלייגט אויף אים אַ סך אויפגאַבן, קאָן פון אים איצטער דערוואַרטן, אַז ער וועט אין זיין לייכקייט פון סטיל און פאָרם, און מיט זיין גייסטרייכקייט, דערציילן אונדז וועגן די ערשטע צען־פופצן יאָר פון היינטיקן יאָרהונדערט. זיי זענען געווען אַ העכסט אינטערעסאַנטע עפּאָכע אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער קולטור, און ער איז געווען אַ טייל פון איר.

דאָס מעשה־בוך מענדל עלקין איז דאָ פאַרגעזעצט געוואָרן. איינמאָל איז ער אַזוי קראַנק געוואָרן, אַז מען האָט זיך שוין נישט גערעכנט, אַז ער וועט לעבן בלייבן. די ידיעה וועגן זיין קראַנקהייט האָט אויפגערודערט אומצייליקע, און אין מאַסן איז מען געקומען אים מבקר חולה זיין — דערשראָקענע, פאַר־זאָרגטע, אויפגעטרייסלטע, אים ליבנדיקע. אין יענע טעג האָט מען געקאָנט זען, וואָס פאַר אַ פּאָפּולאַריטעט ער האָט זיך דאָ דערוואָרבן.

ווייל צו אַלע זיינע טעטיקייטן, וועלכע האָבן געקאָנט אים מאַכן פּאָפּולער, איז ער נאָך געבליבן די „פאַנאַנדערגעשפּיליע־טע נשמה", ווי געווען, אויב ער האָט אין אַלטן רוסלאַנד גע־טיילט זיך מיט זיינע פאַרדינסטן, טיילט ער זיך דאָ מיט זיין ביסן. ווי דאָרטן, איז ער אויך דאָ אַ בוך, וואו נאָנטע און ווייטע שרייבן אַריין זייערע נויטן. מען קען אין אים אַ העל־פער, און מען ווענדט זיך צו אים נאָך הילף. דער העלפער אין נויט קליידט אים, פּאַסט זיך צו זיין גאַנצער דערשיינונג: צו זיין געשטאַלט, זיין גאַנג, זיין האַלטונג, זיינע באַוועגונגען. און דער וואונדער איז: ער העלפט טאַקע! ער וועט זיך שטענדיק אַן עצה געבן, ווי צו העלפן אַן אַנדערן. העכסטע פייאיקייט!

ווי שיין עס פּאַסט זיך אַריין אין דעם מעשה־בוך זיין „עזר כנגדו", וועלכן ער האָט זיך אויסגעקליבן, זיין ווייב, זיין רבקה! איינע, וועלכע האָט אים אין גאָרנישט אָפּגעשטעלט,

אין אַלץ מיטגעגאַנגען, געוואוסט, ווי אָנצונעמען די שלעכטע יאָרן ווי די גוטע. דיזעלביקע „פאַנאַנדערגעשפּיליעטע נשמה“, וועלכע האָט געהאָלפן און העלפט מענדלען אָנצוהאַלטן די אָפּענע שטוב. דיזעלביקע צוגעלאָזנקייט, דיזעלביקע אויפגע־לייזטקייט.

און אָט איז ער שוין אַריינגעטראָטן אין די זעכציקער. און זעט עס נישט אויס. לייכט, פלינק, אין גייסט און אויף די פיס. אומעטום און שטענדיק אַ רוח חיים. וואו עלקין איז, דאָרטן איז לעבן און אויפגעלעבטקייט. ווי אין זיינע יונגע יאָרן אויסגעצייכנטער פּאָרלייענער און דעקלאַמאַטאָר, שטענדיק גרייט צו שפּיל און שטיפעריי. ווי אויך צו טעטיקייט, צו אונ־טערנעמערישקייט, אָן דער מוראָ פון עלטער פאַר נייע זאַכן.

אַ מעשה־בוך געוועזן און געבליבן.

שמואל ראָזנפעלד

# מענדל דער מכניס־אורח

אויף מיין שוועל איז שוין אויסגעקאַרבט דער טאָג  
ווען דו וועסט קומען צו מיר גוט יום־טוב ביטן.  
נאָר וויל איך. — קען איך פריער קלאַפּן אין דיין טיר,  
ווען דו וועסט מיך אויפנעמען  
אָן פרעגעגישן, אָן טענות  
וועסט דריקן מיין האַנט און באַדעקן דעם טיש  
מיט דיין ברויט און זאַלץ.  
דו צו מיר, — אָבער אויך איך צו דיר  
ווי עס דאַרף זיין צווישן אמת׳ע נאָענטע פריינט.  
— א לעיעלעס

די מידה פון „הכנסת אורחים״ מאַכט אוים די איידלסטע באַציאונג צווישן מענטש און מענטש. זי איז ניט דוקא בלויז אַ אידישע מידה, זי שטאַמט אָבער פון יענע וועלט־געגנטן, פון וואַנען אויך אידן שטאַמען — פון דער מדבר.

דאָס וואַנדער־לעבן, וואָס די אוראַלטע שבטים־פעלקער — און צווישן זיי אויך אידן — האָבן געפירט אין די מדבריות פון נאָענטן מזרח, וואָלט אוממעגלעך געווען, ווען ניט די גאַסט־פריינדלעכקייט, וואָס דער ד ו ר כ וואַנדערער האָט געפונען ביים ציַיטלעך, מער איינגעזעסענעם ברודער־וואַנדערער. דאָ האָט דער פרעמדער, דער אורח, שטענדיק געפונען אַן אָרט צום רוען, שפּייז צום עסן און שוץ קעגן אַ מעגלעכן אָנגריף. און דאָס הייסט דאָך איינעם, אין דער מדבר, ביים לעבן צו דערהאַלטן.

דאָרט, וואו דאָס וואַנדער־לעבן גילט נאָך ביזן היינטיקן טאָג, גילט נאָך די מידה פון הכנסת־אורחים אויך. אָבער אפילו ביי די מענטשן, וואָס זענען איבערגעגאַנגען צו איינגעזעסענעם לעבן, איז די מידה פון הכנסת־אורחים ניט אינגאַנצן אויסגעלאָשן געוואָרן. זי איז אויך געבליבן ביי איר גאַנצער חשיבות. און דערהויפּט ביי אידן, וואָס זענען פרי געוואָר־געוואָרן דעם טעם פון געטריבן ווערן פון לאַנד צו לאַנד און



משפחת עלקין: טיצן - רבקה און מענדל
שטיים-אסתר (עסיע), טייער בת יחידה. (ווילנע 1920)



פון רעכטס: מ.עלקין, מ.באקסט
(איצט א דאקטאר אין מאָסקווע), י.אָקין
(באוואוסטער ארבעטער טוער, איצט אין
טאראנטא, קאנאדא) — באברויסק 95'



פון רעכטס: מ.עלקין, יעקב בן-עמי
(באברויסק - 1910)

פון אָרט צו אָרט, און זענען מער ווי אַנדערע געווען אָנגעוויזן אויף הכנסת-אורחים פון די אידן, צווישן וועלכע זיי זענען פאַר־וואָגלט געוואָרן...

די מידה פון הכנסת-אורחים, האָט געגאָלטן ווי אַ צירונג פאַר די גרעסטע און חשוב'סטע אין פאָלק. אברהם אָבינו ווערט געריממט מיט זיין הכנסת-אורחים. הלל הנשיא ווערט שטאַרק געלויבט, פאַר דערזעלבער מידה. „מקבל פנים זיין אורחים" — הייסט עס ביי אונדז — איז חשוב'ער, איידער מקבל פנים זיין די שכינה. און אידן רימען זיך ספּעציעל מיט דעם מנהג צו האָבן פרעמדע אורחים ביים טיש.

איז פריער אַמאָל, ווען אַלע אידן זענען באמת געווען חברים; ווי לאַנג אידן האָבן געלעבט אַן איינהייטלעך לעבן און דער אַלטגעזעסענער האָט געקוקט אויפן וואָגלער ווי אויף אַ ברודער; ווי לאַנג אידן זענען געווען די איינוואוינער פון קליינע שטעטלעך און דערפער, איז דער מנהג פון הכנסת־אורחים שטאַרק אָנגענומען. דאַן האָט דער אָרעמער דורכ־גייער, אומעטום געפונען אַ אידיש הויז, וואָס האָט דעם פרעמדן אורח אַריינגעלאָזט איבערצונעכטיקן, „האָט אים גענומען אויף שבת", און אין אַ וואָכנדיקן טאָג אַ מאָלצייט געגעבן.

אָבער וואָס מער אידן האָבן אָנגעהויבן זיך קאָנצענטרירן אין די שטעט; וואָס גרעסער די שטעט זענען געוואָרן, און די אידן דערווייטערט און פאַרפרעמדט פון אַן אַנדער, אַלץ מער איז דער ענין „הכנסת-אורחים" בטל געוואָרן. פון דעמאָלט־אָן איז ניט צו טרעפן מער קיין „אורח", אַ פרעמדן אידן, אין אַ אידישער שטוב. ניט ביים טיש מיט אַלעמען און ניט אפילו אין קיך...

דאָס איז דער כלל. פאַראַן אָבער אויך זעלטענע אויס־נאַמען.

פאַראַן אויך איצט נאָך איינצעלנע אידן, אין וועלכע דער אַלטער מדבר-גייסט לעבט, און שטרעבט נאָך אַן אורח, נאָך אַ מענטשן פון נאָענט צי פון ווייט, כדי אים אין שטוב אַריינגע־מען, ביים טיש זעצן, און לאָזן זיך אים פילן היימיש... פאַראַן מענטשן, וואָס ווען ס'וואָלט זיי מעגלעך געווען — אין אַלע

פיר ווענט וואָלטן זיי טירן געמאַכט, כדי מענטשן זאָלן פון אַלע פיר זייטן קענען דירעקט אין שטוב אַריינקומען... פאַראַן אויך איצט נאָך ווייניקע, וואָס פאַרמאָגן אַלעמאָל אַ גוט־וואָרט און אַ פריילעכע מינע פאַר יעדן, וואָס טרעט אַריבער זייער שוועל, און גאַרן נאָך פריינטשאַפט. פאַראַן אויך איצט נאָך זעלטענע, וואָס קוים איינמאָל אַריינבאַקומען דעם אורח אין שטוב, מאַכן זיי אים אייגען, לאָזן אים הערן דאָס, וואָס זיי איז נאָענט צום האַרצן, און הערן אויס זיינע נויטן; וואָס זענען שטענדיק גרייט צו גיין פאַר אים וויפיל געגנג, און טאָן פאַר אים, וואָס עס איז נאָר צו טאָן מעגלעך — און „ווי עס דאַרף צו זיין, צווישן אמתע, נאָענטע פריינט . . .״

און איינער פון אָט־די זעלטענע, פון אָט־די איינצעלנע, איז אויך אונדזער יובילאַר: מענדל עלקין.

---

מענדל איז אָבער ניט סתם אַ מכנים־אורח, נאָר ער איז ד ע ר מכנים־אורח. דער מענטש מיט אַ באַקאַנטן אַדרעס פאַר אורחים. און איינער, וואָס פרייט זיך דערמיט, וואָס ער ק ע ן מכנים זיין אַן אורח. דערביי איז אים קיין חלוק ניט אין אָרט, און קיין הלוק ניט אין צייט און ניט אין באַדינגונגען.

דער באַרימטער אידיש־דייטשער שריפטשטעלער בער־טאָלד אויערבאַך, דערציילט מען, האָט זייער ליב געהאַט קליינע קינדער, און איז געווען ״מלא־שמחה, ווען ער האָט זיי געקענט מיט עפּעס מהנה זיין. איז אין זיינע גוטע יאָרן, פלעגט ער אָנקויפן גאַנצע פּעק מיט נאַשערייען, שפּילצייג, מאָלערייען, גיין אין קינדער־פּאַרק און דאָרט עס פאַנאַנדער־טיילן. די קינדער האָבן זיך געפרייט מיט די מתנות, און מיט שמחה אָנגעזאָגט די עלטערן, אַז דער הער אויערבאַך האָט זיי דאָס געגעבן. און די עלטערן האָט עס אויך געפרייט, וואָס דער באַרימטער אויערבאַך איז געווען אויפמערקזאַם צו זייער קינד.

און אויף דער עלטער, אַז ער איז מער ניט אימשטאַנד געווען אויסצוגעבן געלט אויף שפּילצייג און נאַשערייען, און דערמיט שאַפן די קינדער פאַרגעניגן, פלעגט ער אַריינקומען אין גאָרטן, צווישן די קינדער, נעמען אַ קינד אויף די הענט,

זיך שפּילן דערמיט אַ ווײַלע, נאָכדעם דאָס אַראָפּלאָזן און דעם קינד אָנזאָגן:

— סט׳קומען אַהיים, זאָלסטו זאָגן די עלטערן, אַז ב ע ר ט אָ ל ד א ו י ע ר ב אַ ך האָט דיך אויף די הענט גע־האַלטן; ס׳וועט זיי פרייען...

אין גוטע צײַטן, איז מענדל אין באָברויסק, דער גרעסטער מכנים אורח. שטענדיק איז דאָס הויז אַ מין צענטער פאַר פאַר־שיידענע מענטשן — סײַ פאַר מענטשן אָרטיקע, סײַ פאַר מענטשן פון אויסן אַהערגעקומענע; מענטשן אויף אַ צײַט און מענטשן אויף אַ ווײַלע. נאָענטע און ווײַטע. און ווי פאַרשיידן זיי זענען, ווערן זיי דאָ באַקאַנט, געאייניקט און באַפרײַנדעט. דאָ האָט איר געטראָפן סוחרים, שרײַבער, אַרטיסטן א. ד. ג.

און דער טיש שטענדיק געדעקט, און דער סאַמאָוואַר שטעניק געשטעלט פראַנק און פרײַ פאַר יעדן, וואָס האָט פון טיש עפּעס פאַרלאַנגט. און דעם שעמעוודיקן האָבן די בעלי־בתים דערמונטערט, און דעם שווײַגנדיקן ריידעוודיק געמאַכט. קיין אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, זענען אין מענדלס פיר איילן ניט געווען. עס האָט אויך ניט געקענט זײַן — וואָרום די שטימונג האָט דער מכנים־אורח געשאַפן און ווי דער מכנים־אורח, אַזוי די אורחים...

אָפט האָט זיך דער אורחים־קנויל געענדיקט מיט אַ „גמילות־חסד״. אַמאָל גרויס אַמאָל קליין, לויט די השגות פון אורח... ס׳איז זיכער: ביי מענדלען האָט דער ענין גמילות־חסדים אויך אָנגעהערט צום הכנסת־אורחים. ער פלעגט זיי אַרויסשיקן אפילו דורך טעלעגראַף, אפילו אין ווײַטערע שטעט... און אַמאָל אויך אויף ווײַטע לענדער און לאַנגע צײַטן פאַרעכנט...

אָבער אפילו אין שווערע צײַטן.

אַרום באָברויסק גייט אָן דער קאַמף צווישן די באָלשעווי־קעס און פּאָליאַקן. אין שטאָט איז כמעט הונגער און דחקות. מ׳ווייסט ניט וועמענס מאָרגן עס וועט זײַן. אין שטוב דאגות און שווער געמיט. אונדזער מכנים־אורח זוכט זיך צו פאַרגעסן

אין פאַרשיידענע טועכטסן: דאָ שרייבט ער, דאָ מאָלט ער, דאָ קהל׳ט ער זיך, דאָ טוט ער אַלץ, וואָס עס מאַכט זיך צום האַנט . . .

אָבער הכנסת־אורחים איבער אַלץ —

פון פרי ביז נאַכט, די טיר אָפן, דער טיש געדעקט, דער סאַמאָוואַר געשטעלט, וואָס נאָר צו קריגן — פראַנק און פריי פאַר יעדן.

און אָט באַלעבאַטעווען די פּאָליאַקן אין שטאָדט, איבער וועלכער אַן אימה איז פאַרצויגן. מ׳שניידט אידישע בערד. מ׳שלעפּט אידן צו אַרבעט. מ׳רעדט פון אַ פּאָגראָם... די באָלשעוויקעס ציען־אָפּ, געזעגענען זיך מיט שטאָט, מען שלייַדערט אַריין אין שטאָט באָמבעס נאָך באָמבעס. מענטשן קריכן אין קעלערס, הייזער ווערן אויפגעריסן... אָבער קוים אַ רואיקע שעה —

אין דער הכנסת־אורחים איז פול. מענטשן קומען און גייען. מענטשן ריידן און דעבאַטירן ווי אין אַ געזעלשאַפטלעכן קלוב. מענדל איז דער מכנים־אורח. גענויער: ער איז אפילו גאָרניט „מכנים", מענטשן קומען אַליין. ער איז פאַרטיפט אין זיינע זאָרגן, שווייגט, טוט ווידער זיינע טועכטסן, אָבער די אורחים פילן זיך ווי ביי זיך אין דער היים. אויב ניט נאָך בעסער...

אַזוי אין דעם קליינעם שטעטל באָברויסק, אַזוי אין דעם גרויסן פּעטערבורג.

די צייט — דער בירגער־קריג.

די שטאָדט איז גרויס. מענדל כמעט פרעמד. באַקאַנטשאַפט קליין. די לאַגע שווער. הונגער. מ׳שפּייזט זיך מיט ברעקלעך. ברויט איז אַ זעלטנהייט. מ׳באַקומט עס מיט נסים און מיטן גנאָד פון פויער־קאָנטראַבאַנדיסט, וואָס האָט אַריינגעבראַכט ברויט פון דאָרף אין שטאָדט אַריין, ווי קאָנטראַבאַנדע (די באָלשעוויקעס האָבן עס פאַרבאָטן) און עס איז געווען מיט גאָלד צוגלייך.

אָבער מענדל דעם מכנים־אורח פעלן אויך דעמאָלט און דאָרט קיין מענטשן ניט. צו יעדער צייט איז די טיר אָפן. מ׳קומט און מ׳גייט. מ׳ברענגט נייעס פון אַלע עקן שטאָדט.

מ'גיט איבער קלאַנגען, וואָס טראָגן זיך אַהער פון גאַנץ רוס־לאַנד. מ'זאָגט פּאָליטישע נביאות פאַר מאָרגן און פאַר איבער־איאָר. מען דערציילט פון דער טשעקאַ. מ'הערט אויס אַ זעלטענעם פאַל — אַ מציאה שפּייז איינגעהאַנדלט. מ'רעדט פון אַ נייער אידישער צייטונג. מ'ברענגט אַהער פאַר־שיידענע קלאַנגען וועגן די באַוועגונגען אויף די פראָנטן.

האָט איר דאָ רויט און ווייס, רעכטס און לינקס.

און דער מכנים־אורח, מענדל עלקין — ער איז פאַרנומען מיט „הכנסת־אורחים", ווי ווייט די האַנט איז פול, ווי ווייט די לאַגע דערלויבט עס, און אפילו מ ע ר ווי זי דערלויבט.

---

און ניט בלויז ביי זיך אין דערהיים, וואו ער איז איינגע־זעסן און איינגעוואָרצלט, איז מענדל דער מכנים־אורח. ער איז דערזעלבער מכנים־אורח אפילו אין דער פרעמד, אפילו אונטער־וועגס. אפילו וואו ער איז נאָר צייטווייליק. פאַרבייפאָרנדיק. געשעפטלעך.

דער האָטעל דינט אויך פאַרן פאַסיקן פּלאַץ, וואו מ'קען אורחים אויפנעמען. אַזוי האָב איך אים געזען אין מינסק, אַזוי אין ווילנע און אַזוי אין וואַרשע.

מינסק, האָטעל אייראָפּע. מענדל איז דאָ אויף אַ פיר טעג. און שוין דרייען זיך אַרום מענדלען פאַרשיידענע סוחרים, מעקלער, היימישע און פרעמדע, דערביי אויך אַ פּאָר שרייבער. פאַרשיידענע אינטערעסן. אָבער אין רעסטאָראַן, אין זעלבן האָטעל, אַרום אַ גרויסן קיילעכדיקן טיש, זיצן מיר ביים עסן אַכט־צען מענטשן, אַלע מענדלס אורחים...

נעכטן זענען מיר מיט גרויס מי און מאַטערניש, געקומען פון אָקופּירטן באָברויסק, אין דער באַפרייטער ווילנע. מידע, צעבראָכענע, הונגעריקע, דערשלאָגענע. אָבער איידער נאָך ער האָט זיך כאָטש ווי עס איז איינגעאָרדנט, און שוין — א ו ר ח י ם. מ'קען אים. עס קומען דראַמאַטורגען, אַרטיסטן, שרייבער, כלל־טוער, סתם באַקאַנטע, און אַזעלכע, וואָס ווילן נאָך ערשט מיט אים באַקאַנט ווערן... אַ שעה־צוויי, און די לעצטע זענען אויך שוין אייגענע מענטשן, פריינט. נאָך אַ

שעה, און מ׳איז אויף „דו״... און אַלץ אַזוי שנעל, אַזוי בליענד אַרויסגעוואַקסן פון דער שיינער מידה „הכנסת־אורחים...״

און צו־מאַרגנס — מענדל האָט שוין אַ צימער. ער איז צענטער, אַרום אים פינף־זעקס מענטשן, וואָס באַטייט אַ קערן פאַר אַ „טעאַטער־געזעלשאַפט״, און אַ צענטר פאַר דער ווילנער מכניסי־אורחים זוכער. דער גאַנצער עולם ווייסט שוין דעם וועג אַהין, וואו אַ טיר איז שטענדיק אָפן, וואו אַ מענטש איז שטענדיק ווילקאָמען, וואו די אַטמאָספערע איז שטענדיק וואַרעם, וואו אַ גוט אויג קוקט אַנטקעגן, וואו אַ גוט וואָרט הענגט תמיד אויף די ליפּן.

דען ביי אַלע באַדינגונגען, זענען אים קודם־כל — מענטשן. קודם־כל — אורחים. ביי אַלע אומשטענדן, איז פריער ווי אַלץ — פריינט. פריינט פון נעכטן, צי פריינט פון מאָרגן, אָבער היינט שוין אורחים.

ווי דער פאַרביי־וואַנדערער אין דער מדבר, פילט זיך ביים אָאַזיס, וואו עס וואַרט אויף אים דאָס גרינע גראָז, דאָס פרישע וואַסער... אַזוי פילט זיך דער אורח, וואָס קומט אַרונטער אונטער מענדלס דאַך, וואָס קומט אַריין אין מענדלס רשות. און קיינמאָל קען דער אורח ניט זאָגן: ער האָט זיך גענאַרט.

פון די צוויי כללים, וואָס זענען גילטיג ביי הכנסת־אורחים: „גיב אים אָפּ כבוד נאָר האַלט אים אין חשד״, האַלט מענדל נאָר פון ערשטן. כבוד און באַדינונג און אַכטונג, וויפיל ס׳איז נאָר מעגעלעך, אָבער „חושד זיין״, צו וואָס? פאַרוואָס? מענטשן מיט שלעכטע כונות זוכן אַנדערע פלעצער. און דאָס איז ריכטיק. אין די קרייזן, פון וואַנען מענדלס אורחים רע־קרוטירן זיך, איז ניטאָ קיין אָרט פאַר חשדים.

און אַז עס מאַכט זיך פאָרט אַמאָל, אַז אַ מענטש נאַרט אויס זיין גאַסטפריינדלעכקייט, מילאָ! צוליב איין אומוויר, דיקן, פאַרדאַרבט מען דאַך ניט קיין וועלט...

און הכנסת־אורחים איז מענדלס וועלט, מענדלס אַטמאָס־פערע. נעמט דאָס אַוועק פון אים, און ער בלייבט ווי אַ פיש אויף דער יבשה.

---

מ׳וואָלט געקענט מיינען, אַז די וועלט־שטאָדט ניו־יאָרק וועט טעמפּן מענדלס מידה פון הכנסת־אורחים. אַנדערע האָבן עס אויך טאַקע געמיינט און געזאָגט, אַז אין ניו־יאָרק, וואָס דערוויטערט נאָענטע, צעטיילט פאַראייניקטע, פאַרפרעמדט אייגענע — דאָ וועט דער מכנים אורח בלייבן ביי אָפענע טירן, אָדער ליידיקע בענקלעך.

אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך דער היפך:

ווייל גרעסער די שטאָדט, ווייל גרעסער די געהעריקע קרייזן, דערפאַר גרעסער די געלעגנהייטן צונויפצוזאַמלען גרעסערע ציילן אורחים. און די אורחים ציען צו אים גערן. ד אָ אפשר מער נאָך ווי אַנדערש־וואו...

און אויך אין ניו־יאָרק איז מענדל אַן אַדרעס — וואו אַ מכנים־אורח לעבט, וואו מענטשן מיט מענטשן באַגעגענען זיך, וואו מענטשן מיט מענטשן באַקענען זיך, באַפריינדן זיך און דערמאָנען נאָכדעם מיט דאַנק דעם פלאַץ, וואו זיי האָבן ס׳ערשטע מאָל זיך געטראָפן. אַהער טרעפט דער ערשט־גע־קומענער, גרינער, וואָס געהערט נאָר צום באַשטימטן קולטור־קרייז און אַהער קומט דער אַלט־געזעסענער. עס קומט דער דראַמאַטורג און עס קומט דער אַרטיסט; עס קומט דער שריי־בער מיט ליטעראַטור־פּראָיעקטן און דער כלל־טוער מיט זיינע קולטור־פּלענער.

עס איז ניט דער סאַלאָן פאַר די גאָר הויכע, און ניט קיין קלוב פאַר קיין באַהעמע, ניט איינס פון די ביידע. נאָר אַ שטוב איז עס אַן אָפענע פאַר אורחים, פאַר יעדן מיט זיין גייסטיקן פּעקל. דאָ קען ער עס אויסלאָדן, אויב ער האָט עס נויטיק, אין פולער זיכערקייט, אַז ער האָט אַ הערנדיקן אויער פאַר זיך, און דאָ קען ער עס אָנלאָדן — ווייל אין דער לופטן שוועבט דאָ אַלץ, דערפון, וואָס אַזוינע מיני אורחים קען אינטערעסירן. דען יעדער ברענגט־צו עפּעס דערפון, מיט וואָס ער לעבט: אידייען, מיינונגען, פּלענער, האָפנונגען, קריטיקן און פאַרלאַנגען פ ו ן דער ליטעראַטור, פ אַ ר דער ליטעראַטור, קול־טור אָדער געזעלשאַפט.

און נאָך איז געזאָגט געוואָרן ביי „הכנסת־אורחים״:

„איינער מעג געבן דעם אורח די שענסטע אויפנאַמע, די רייכסטע מתנות אין דער וועלט, נאָר אויב דער געבער איז דערביי שטרענג, מיט אַ טרוקענעם פּנים און אַראָפּגעלאָזטע אויגן, איז גלייך, ווי ער וואָלט יענעם גאָרניט געגעבן. נעמט ער אָבער אָן אַ מענטשן מיט אַ פריינדלעך פּנים, אַפילו ווען ער האָט גאָרנישט אים צו געבן, איז עס גלייך, ווי ער וואָלט אים געגעבן די שענסטע מתנות אין דער וועלט".

קיינער וועט ניט לייקענען, אַז צו יעדער צייט און ביי אַלע אומשטענדן האָט מענדל אויפגענומען זיינע אורחים מיט אַ פריילעך פּנים און „די שענסטע מתנות אויף דער וועלט, זיי אַנטקעגן געטראָגן...

און נאָך אַ זאַך:

אויף דעם אַלטן הלל האָט מען דערציילט, אַ ז ער איז געווען אַ גרויסער „מכנים-אורח", און אַז ס'איז געקומען צו אים אַן אָרימאַן אַ „בן-טובים", האָט ער אים ניט געלאָזט אַוועקגיין צופוס, נאָר האָט געדונגען פאַר אים אַ פערד צום רייטן און אַ קנעכט, וואָס זאָל לויפן פאַר אים פאָראויס, ווי דער מנהג איז דעמאָלט געווען. האָט אַמאָל געטראָפן, אַז ער האָט ניט געקענט געפינען קיין קנעכט צו דינגען, איז הלל אַליין געלאָפן פאָראויס פאַר אַזאַ חשוב'ן אורח, גאַנצע דריי מייל...

און פאַר וועמען, פון זיינע חשוב'ע אורחים, איז ניט מענדל געלאָפן דריי מייל ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן?

זאָל אים דאָס אַלץ, ביי זיין זעכציקסטן געבורטס-טאָג, אַנטקעגן קומען.



פון רעכטס, זיצן: אברהם יעקב פאפערנא, יעקב
דינעזאָן. שטייען: ב. קלעצקין, י. ל. פרץ, מ. עלקין.
(באברויסק - 1913)



פון רעכטס: מ. עלקין, ה. נאָמבערג (שטייט)
דר. א. מוקדוני. (לאָדזש - 1913)

ה. לייוויק

# אויף האַרבסטיקע ביימער

מענדל עלקינען.

אויף האַרבסטיקע ביימער הענגען צייטיקע עפּל,
די ערד ווערט געפראָרן, די ערד איז שוין האַרט,
פון דערבייאיקן טייך קריכט אַ שלאַנגיקער נעבל,
פון די טאָליקע וועלדלעך אַ צפון-ווינט שפּאַרט.

די תבואה פון פעלד איז לאַנג שוין אין שייער,
אויך פערד און אויך בהמה קאָנען אין פעלד מער ניט זיין,
אַלע פענצטער מיט אומגעדולד וואַרטן אויף פייער,
אַלע טירן אין אינווייניק רופן אַריין.

די נאַכט איז שוין דאָ. אַלע זיצן פאַרשלאָסן,
אויך דער ווירט פון די ביימער, פאַרריגלט אויף שלאָס,
נאָר די צייטיקע עפּל בלייבן איבער פאַרלאָזן
אין רשות פונעם ווינט, — קיינער וויים ניט פאַרוואָס.

דער צפון-ווינט קומט מיט רציחה-געוויטער,
ער הוליעט ביז טאָג ביזן לעצטן געפייף,
און זע — אַזאַ נס: אויף די צווייגיקע ריטער
די פאַרלאָזענע עפּל הענגען גאַנץ, הענגען שטייף.

אַז די נאַכט גייט אַוועק קומט אַ טאָג אַ נייער,
די עפּל זענען די, וואָס באַפעלן אים: וואַקס!
זיי הענגען אויף די צווייגן אין פרימאָרגיקן פייער,
ווי אַליין גאַנצע זונען אויף אַן אייגענער אַקס.

דר. א. מוקדוני

# מענדל עלקין

**אַביסל זכרונות און אַביסל פּאָרטרעט־צייכנונג.**

א. ווייטער האָט מיך באַקענט מיט עלקינען.

מענדל עלקין איז דאַן געווען אַ סוחר, אַ וואַלד־סוחר.

ער האָט לחלוטין ניט אויסגעזען סוחר׳יש און האָט זיך ניט באַנומען סוחר׳יש, מענדל עלקינען דעם וואַלד־סוחר איז אָנגעגאַנגען א. ווייטערס אַ דראַמע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין שרייבן, אָדער פּרץ הירשביינס אַ שטיקל „אַלבאָם״ מער ווי אַלע וועלדער און פעלדער אין גאָר דער וועלט.

מענדל, דער וואַלד־סוחר, האָט שוין, אַגב, הינטער זיך געהאַט אַ טוץ פאַרשיידענע קאַריערעס, ער איז שוין געווען אַ דענטיסט, אַ שרייבער, האָט זיך שוין געטומלט מיט טעאַטער א. א. וו.

און טאַקע אין סאַמע ברען פון וואַלד־מסחר, האָט ער רעדאַקטירט אַ אידישן וואָכנבלאַט.

אין וועלכע 10־15 מינוט זענען מיר געוואָרן פריינט, אינטימע פריינט, מיר האָבן שוין געוואוסט, וואָס ביי יעדן פון אונדז טוט זיך אין דער בוזים־קעשענע און זיך שוין געדוצקעט.

דאָס איז איינער פון די וואונדערלעכע עלקינס טאַלאַנטן, ער קען ווערן היימיש, גוט־ברודעריש און אינטים מיט דעם גרעסטן „מרוק״, מיט דעם אומפריינטלעכסטן מענטשן אין 10־15 מינוט.

איך קען מענטשן געשטראָפטע פון גאָט מיט פינצטערער אומפריינטלעכקייט, וואָס זענען מענדלס וואַרימסטע פריינט.

איך ווייס ניט נאָך איינעם, וואָס האָט אַזוי פיל פריינט ווי מענדל עלקין, לעגיאָנען גאַנצע זענען זיי.

איך ווייס ניט ווי עס זענען געגאַנגען מענדלס געשעפטן אין יענער צייט, אָבער איר האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַ

לעגענדאַרישע שפּע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דעם דאָזיקן מענטשן.

און איך האָב ניט באַגעגנט אין מיין לעבן נאָך איינעם, וואָס קען אַזוי לייכט, אַזוי שיין און אַזוי עלעגאַנט אויסגעבן געלט ווי מענדל.

מענדל עלקין האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין שיטערע פינגער, ניין, מענדל עלקין איז קיינמאָל ניט געווען קיין פאַר־שווענדער, ניין, מענדל עלקין איז קיינמאָל ניט געווען קיין פאַרקאָכטער עולם־הזה׳ניק, ניין, מענדל עלקין האָט זיך ניט געוואָרפן מיט געלט, ער האָט בלויז שיין און גראַציעז געקענט אויסגעבן געלט.

שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז מענדל קען אויסגעבן אַזוי שיין און אַזוי עלעגאַנט געלט, ווען אפילו ער איז שטאַרק געענגט אין געלט.

מענדל עלקין איז דער שענסטער עקזעמפּליאַר פון אַ מעצענאַט.

ער קען זיין אַ מעצענאַט ניט נאָר במאודו נאָר בנפשו.

מענדל עלקינען גייט עס ניט גוט אין אַמעריקע, מענדל קען זיך צוזאַמענרעדן מיט די שטומסטע און טויבסטע מענטשן, אָבער מיט אַמעריקע קען ער זיך ניט צוזאַמענרעדן.

אָבער דוקא אין אַמעריקע איז ער דער שענסטער מע־צענאַט.

קען ער ניט שיטן מיט געלט פאַר אידישער ליטעראַטור, פאַר אידישער קולטור, שיט ער מיט צייט, מיט גאַנצע 24 שעה אין מעת־לעת, מיט זיין אומאויסשעפּלעכער ענערגיע און מיט זיין וואונדערלעכן אָפּטימיזם.

איר קענט מענדלען אויפוועקן אינמיטן נאַכט פאַר יעדער קולטור־אַרבעט, ער איז כסדר גרייט, כסדר אויפגעלעגט, כסדר פריש, כסדר האָפערדיק און כסדר אָפּטימיסטיש.

די אידישע קולטור־אַרבעט אין ניו־יאָרק קען זיך ממש ניט באַגיין איצט אָן מענדלען.

און מענדל איז אַ גרויסער מתן־בסתר׳ניק, ער טוט אָפּ שווערע, פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן און זיין נאָמען איז ניטאָ

ניט אונטער זיי און ניט איבער זיי.

ווער ווייסט, למשל, אַז אַ היבש ביסל ביכער און זאַמל־ביכער זענען דורכגעגאַנגען דורך מענדלס הענט איידער זיי האָבן דערזען די ליכטיקע וועלט.

פאַרטראַכט אַ פאַרלאַג, למשל, צו אַרויסגעבן אַ פינף־בענדיקע זאַמלונג פון דר. א. קאָראַלניקס עסייס, זעצט זיך מענדל אַוועק אויף חדשים, קלייבט אויס פון די טויזנטער און טויזנטער דר. קאָראַלניקס עסיים די סאַמע כאַראַקטעריסטישע, טיילט זיי אין טיילן לויט זייער אינהאַלט, און מאַכט זיי פאַר־טיק צום דרוק.

אָט האָט מיין ווייניקייט אין אַ מאָמענט פון שוואַכקייט זיך געלאָזט יובל׳ן, אַ קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון מיינע אַרטיקלען און אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען פון קאָלעגן וועגן מיר, זענען ביידע זאַמלונגען רעדאַקטירט געוואָרן פון מענדל עלקינען.

דאָס זענען צוויי ביישפּילן פון הונדערטער און הונדערטער אַזעלכע שטילע ליטעראַרישע און קולטורעלע מעשים־טובים מענדלס.

מענדל עלקין איז דער וואונדערלעכסטער מעצענאַט, ער גיט אָפּ דאָס טייערסטע דער אידישער ליטעראַטור און דער אידישער קולטור, ער גיט אָפּ זיין גאַנצע צייט.

ער לאָזט כמעט פאַר זיך קיין צייט ניט, קיין צייט פאַר פּרנסה, פאַר אייגענער שאַפונג און סתם צייט פאַרן פּערזענ־לעכן געברויך.

יעדער קומט און נעמט מענדלס צייט, און מענדל טראָגט יעדן אַנטקעגן שטיקער צייט מיט אַ ליבן שמייכל און מיט מחיה׳דיקער גוט־ברודערישקייט.

אַמאָל קען זיך אויסדוכטן, אַז מענדל עלקין ווערט שרעק־לעך עקספּלואַטירט פון אונדז אַלעמען, אָבער ניין, ער ווערט פון קיינעם ניט עקספּלואַטירט, מענדל עלקין האָט אַ ברייטע האַנט און אַ וואַרים האַרץ און ער גיט מיט אמת׳ער פרייד און מיט אמת׳ער הדות יעדן וואָס ער פאַרמאָגט.

און דער געוועזענער וואַלד־סוחר און דער מענטש מיט אַ טויץ קאַריערעס הינטער זיך איז אַזוי ווייט פון קאַריעריזם.
מענדל עלקין גייט פאַרביי געלעגנהייטען אָן וועלכע אַ קאַריעריסט וואָלט זיך אָנגעכאַפּט אָן זיי און וואָלט אויפגעבויט גרויסע קאַריערעס.
ער לאָזט דורך וואונדערלעכע געלעגנהייטן מיט אַ מאָדנער לייכטקייט און גלייכגילטיקייט.
איך האָב געזען ווי מענטשן האָבן געמאַכט גרויסע קאַריע־רעס פון מענדלס כשר'ע און פרומע אויפטואונגען, זיי זענען אויפגעקומען, מיט זיי האָט געקאָכט אַ וועלט און מענדל עלקינס נאָמען איז אַפילו ניט דערמאָנט געוואָרן.
מענדל עלקין האָט זיך ניט איינמאָל געלאָזן באַ'גזלנ'ען מיט שטאָלץ.

אַ פּאָר ביישפּילן:
אָט האָט זיך געטומלט אין סאָוועט־רוסלאַנד און אין אייראָפּע מיט דעם אקאָרשט פאַרשטאָרבענעם א. גראַנאָווסקי, דעם רעזשיסאָר פון דעם מאָסקווער אידישן קאַמער טעאַטער.
ווייסט עמיצער, אַז דער דאָזיקער גראַנאָווסקי האָט שטיל צוגע'לקח'עט מענדל עלקינס אַן אויפטו און פון אים געמאַכט פאַר זיך אַ גרויסע טעאַטער־קאַריערע?
דער דאָזיקער גראַנאָווסקי האָט בשותּפות מיט מענדלען רעזשיסירט און געשפּילט צוויי איינאַקטערס פון שלום אַש אין דעם אַמאָליקן בונדישן פּעטערבורגער גראסער־קלוב.
מענדל איז געווען דער איניציאַטאָר, דער טוער, דער מענטש, וואָס האָט אַריינגעלעגט אַ וועלט מיט ענערגיע, מיט ליבע און איבערגעבנקייט אין דעם דאָזיקן ערשטן פּרואוו צו שאַפן אַ נייעם אידישן טעאַטער.
מענדל איז געווען דער קאָמפּעטענטערער, דער היימישע־רער אידישער מענטש און דער מענטש מיט פאַרבינדונגען אין דער אידישער וועלט.
א. גראַנאָווסקי איז געווען אַ ווילד־פרעמדער, אַ זייטיקער און אַן אָפּגעריסענער פון אידן.
א. גראַנאָווסקי האָט בשום אופן ניט איבערגעשטיגען

מענדלען ניט ווי אַ שווישפּילער און ניט ווי אַ רעזשיסאָר אין יענער צייט.

האָט גראַנאָווסקי פון דעם דאָזיקן באַשיידענעם און פרומען פּרוּאוו געמאַכט פאַר זיך אַ גרויסע טעאַטער־קאַריערע.

א. גראַנאָווסקי, דער טיפּישער קאַריעריסט, האָט דער־שפּירט אין דער דאָזיקער כשר׳ינקער התחלה אַ גרויסע גע־לעגנהייט, ער, דער פרעמדער, דער זייטיקער, ער, דער טיפּי־שער בורזשוי איז געוואָרן אַ דאַנק דער דאָזיקער התחלה דער שעפער פון דעם אידישן פּראָלעטאַרישן טעאַטער...

איך בין אַזוי גוט געווען דער אומשולדיקער אונטער־פירער, נאָך אַ לענגערן שמועס מיטן דאַמאָלסדיקן אידישן קאָ־מיסאַר ש. דימאנדשטיין, האָב איך אַרויסגערופן עלקינען און גראַנאָווסקין קיין מאָסקווע צו פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן שאַפן אַ אידיש־סאָוועטישן טעאַטער.

די אונטערהאַנדלונגען זענען ניט געווען דערפאָלגרייך ביי דער ערשטער באַגעגעניש.

אָבער שפּעטער איז א. גראַנאָווסקי אַראָפּגעבראַכט גע־וואָרן בתופים ובמחולות קיין מאָסקווע און ער, דער אַסימילירטער איד, ער, דער טיפּישסטער בורזשוי איז געוואָרן דער טאַטע פון דעם אידישן פּראָלעטאַרישן טעאַטער.

איך האָב געזען די ערשטע אויפפירונגען גראַנאָווסקיס און איך זאָג דאָ עדות:

גראַנאָווסקי האָט ניט געוואוסט אפילו ווי צו צוגיין צו אַ אידישן טעאַטער, דאָס אַ חוץ דעם וואָס ער האָט סתם ניט אַרויסגעוויזן קיין בריה׳שקייט אין רעזשי, זיינע ערשטע אויפ־פירונגען זענען געווען ממש שוידערלעך.

אָבער אַ פלינקער חברה־מאַן, האָט ער באַלד דערטאַפּט עפּעס ביי מייערכאָלדן, וואָס קען אַריבערגעטראָגן ווערן אויף דער אידישער בינע, ער האָט דערטאַפּט מייערכאָלדס ביאָ־מעכאַניזם און האָט זיך גענומען אים איבערטראָגן ווי ער גייט און שטייט אויף דער אידישער בינע.

און ער איז באַרימט געוואָרן...

און מענדל איז שוין געווען ווייט פון סאָוועט־רוסלאַנד.

און נאָך אַ ביישפּיל:
מענדל האָט דאָ אין אַמעריקע אויפגעבויט אַ לעבעדיקע טעאַטער־אָרגאַניזאַציע, ער האָט געשאַפן דעם ליבן טעאַטערל „אונדזער טעאַטער“, האָט געשאַפן דעם זשורנאַל „טעאַליט“ און האָט סתם געשאַפן אַ שטימונג פאַר אַ נייערן טעאַטער.

אַן אַנדער וואָלט אויפגעבויט פאַר זיך אַ גרויסע טעאַטער־קאַריערע, ער וואָלט שוין אונטער דער ערד אויסגעזוכט מענטשן מיט געלט, ער וואָלט דריי מאָל אַ טאָג געראַטעוועט די אידישע קולטור און וואָלט צוגעשטעלט דעם אידישן פאָלק גרויסע „בילס“ און דאָס אידישע פאָלק וואָלט, ווי זיין שטייגער, געצאָלט...

אָבער מענדל איז גאָר אַליין אַ מעצענאַט, ער קען געבן, נעמען קען ער ניט, ווער רעדט מאָנען און בעטן — דאָס קען מענדל לחלוטין ניט.

און די גרעסטע געלעגנהייט פאַר אַ גרויסער טעאַטער־קאַריערע איז אַרויסגעפאַלן פון זיינע הענט.

מענדל עלקין האָט זיך דאָ באַוויזן מיט אַ וואונדערלעכן ספּעקטאַקל געשפּילט פון קינדער פאַר קינדער.

אַן אַנדערער וואָלט פון דעם געמאַכט אַ קאַריערע, מענדל האָט בלויז געשענקט אידישע קינדער אַ וואונדערלעכן ספּעקטאַקל און איז אַוועק.

---

און אַזוי איז מיט מענדלס שרייבן.

מענדל שרייבט, לאָזט פון צייט צו צייט אַרויס ביכער.

אָבער אַ קאַריערע פון זיין שרייבן האָט ער ניט געמאַכט.

און געלעגנהייטן האָט ער געהאַט גאָר אַ סך.

אָבער דער געוועזענער וואַלד־סוחר, דער מענטש פון אַ טוץ קאַריערעס איז קיין קאַריעריסט ניט.

ער איז אַ געבוירענער מעצענאַט, ער קען געבן, אָבער בשום אופן ניט נעמען.

זעט איר כסדר מענדלען האַווענדיק, מענדל איז כסדר פאַרנומען, מענדל איז כסדר פאַרוואַרפן מיט אַרבעט, מענדל האָט אַ טוץ זיצונגען אַ טאָג, מענדל פאָרט אַרום איבער אַמע־

ריקאָנער שטעט און שטעטלעך דאָ צו פאַרשפּרייטן דר. זשיט־לאָווסקים ווערק, דאָ צו זאַמלען געלט פאַר אַ פאָלקס־אויסגאַבע פון יהואש׳עס תנ״ך איבערזעצונג און דאָ פאַר צענדליקער אַנדערע זאַכן.

אָבער פאַר זיך האָט מענדל קיינמאָל קיין פרייע רגע ניט.

ער איז אַ מעצענאַט און צעטיילט זיין צייט ביז דער לעצטער מינוט, בלייבט קיין רגע פאַר אים ניט.

און מען האָט זיך ביי אונדז צוגעוואוינט צו דעם, ווער עס האָט אַ פּעקל לעגט ער אים אַרויף אויף מענדלס פּלייצעס און מענדל טראָגט, טראָגט מיט אַ גוטן שמייכל.

די זינדיקע וועלט מוז אַפּנים האָבן עטלעכע צדיקים צו פאַרווייסן איר שוואַרצן קרופּניק.

און אַלע מאָל זענען זיי דאָ די עטלעכע צדיקים, וואָס קומען פאַרווייסן דעם שוואַרצן, זינדיקן קרופּניק פון דער וועלט.

מענדל עלקין איז איינער פון די דאָזיקע צדיקים, ער פאַר־ווייסט אונזער אידישן שוואַרצן קרופּניק...

און צו זיין 60 יאָריקן יובילייַ וויל איך אים ווינטשן צו אויסלעבן זיינע יאָרן אין צדקות.

וואָרום סוף־כל־סוף איז דאָס דער איינציקער שטיקל קרן.



פרץ הירשביין (שטייענדיק)
מ. עלקין (זיצט)
— יעקאטערינאסלאוו 1911



א. ווייטער (זיצט), מ. עלקין (שטייט)
אין עלקינס היים - באברויסק 1911.



פון רעכטס: אורי צבי גרינבערג, פרץ מארקיש, מ. עלקין,
און דניאל לייבל. (ווארשע 1921)

ד״ר. א. קאָראַלניק

# אויף איזמאַילאָווסקי פּראָספּעקט

אין זומער ניינצן־זיבעצן איז צו מיר אין רעדאַקציע געקו־מען איינמאָל אַ יונגערמאַן, — אָט אַזוי אין די דרייסיקער יאָרן, — געקומען אָן קיין שום אַנדער צוועק ווי — זיך באַ־קענען.

אין ניינצן־זיבעצן, אין פּעטערבורג, איינער פון די זעלטנ־סטע פאַלן, גלאַט אַזוי — ווי מענטש צו מענטש. ניט געפרעגט אויף מיין פּאָליטישן קרעדאָ; ניט געוואָלט וויסן אפילו צי איך, — דעמאָלט אַ רוסישער זשורנאַליסט, — בין ניינציק גראַד לינק אָדער בלויז פינף און זיבעציק; און ווי איך „שטעל זיך" צו דעם אידישן פּראָבלעם, און בכלל וועגן פּאָליטיק.

דעמאָלט ווען די שטיינער פון פּעטערבורג האָבן געהילכט פון פּאָליטיק און געזאָטן מיט פּאָליטישעליידנשאַפטן, — דע־מאָלט איז דאָס געווען אַ וואונדער.

אָבער אויך דער מענטש, וואָס איז געקומען צו מיר איז געווען אַ וואונדערבאַרער. איך ווייס ניט — קאָן ניט זאָגן מיט דער גאַנצער זיכערקייט אַז אַ וואונדערבאַרער, — צו גיך האָבנדיק געשאַצט, — אָבער וואונדערלעך, אייגנאַרטיק, אייגנ־ווּזיק איז ער געווען, דאָס — אָן ספק.

און זיין נאָמען איז געווען — א. ו ו י י ט ע ר.

ער איז געקומען — און מיר האָבן זיך צוגעקלעפּט איינער צום צווייטן — יעדנפאַלס איך צו אים. אַרומגעגאַנגען אַ לאַנגן זומער נאָר מיט אים איבער די גאַסן פון פּעטראָגראַד און גע־רעדט וועגן דעם ווינטער וואָס איז געווען און דעם האַרבסט וואָס מוז קומען.

אָט אַזוי זענען מיר איינמאָל פאַרגאַנגען אַזש צו דעם איז־מאַילאָווסקי פּראָספּעקט — אַ ווייטער מהלך פון אונדזער אויס־גאַנגס־פּונקט — און ווייטער זאָגט מיר: „קומט אַרויף צו מיר. ערשטנס וועלן מיר טרינקן טיי מיט איינגעמאַכץ; און צווייטנס,

וועל איך אייך באַקענען מיט אַ פריינד מיינעם, ביי וועמען איך וואוין איצט — ער הייסט מענדל עלקין". און ער האָט מיר אין קורצע ווערטער געגעבן דעם „מהות" פון זיין „בעל הבית": „אַ איד וואָס האָט ליב דאָס לעבן". „אַזאַ מדרגה?" פרעג איך ביי ווייטערן. „כמעט" — ענטפערט ער מיר.

פעטערבורגער טיי, פעטערבורגער „אוגאַשטשעניע" — מען דאַרף אייגנטלעך די פען פון אַן עפּיקער פאַר אַזעלכע זכרונות — בפרט ווען דאָס איז נאָך אין דעם הויז פון אַזאַ מכנים-אורח, פון אַזאַ טיפּישן ר ו ס י ש ן אידן — מיט דער ברייטער האַנט, פון דעם פולן האַרצן, ווי מענדל עלקין. ווערליק דער שטייגער האָט מען מיר אים פאָרגעשטעלט ווי „מיכאַל גריגאָריטש". און — צערעמאָניש-שטייף ווי איך בין פון דער נאַטור-אויס, מיט אַ שטיקל נייגונג צו מענדל עלקינס אָנגעבלאָזנקייט, האָב איך, פאַרשטייט זיך, אים אויך גערופן אַזוי רוסיש-מאַנירלעך: מיכאַל גריגאָריטש. אָבער ווייטער האָט אים גערופן פשוט „מענדל" — און איך האָב געפילט, אַז אין דעם נאָמען איז דער פּסיכישער אינהאַלט פון מיין נייעם באַקאַנטן.

אוסישקין, צ. ב., הייסט דאָך אויך מענדל; אָבער עס פּאַסט אים ניט. אפילו ניט „מנחם מענדל". אים איז צוגעמאָסטן דער „מיכאַיל מאָיסעיעוויטש" — ווי מען פלעגט אים רופן אַמאָל — ווי מען רופט אים מן הסתם אויך היינט. אָט אַזוי: „מיכאַל, מיכאַיל" — זייער ערנסט, זייער פמליא-של-מעלה'דיק.

אָבער ביי מ. ג. עלקין איז דער נאָמען ניט בלויז אַ צופאַל, נאָר, ווי מען זאָגט: „נאָמען עסט אָמען", דער נאָמען איז אַ מאַגישער צייכן. די גאַנצע לעבעדיקייט, רירעוודיקייט, זשוואַוועקייט, האַרציקייט און פאָלקס-טימלעכקייט פון דעם קלאַנג איז אין זיין וועזן. און דאָס איז זיכער טויזנט מאָל מער ווערט ווי דער אַזוי-גערופענער זשורנאַליסטישער „ערפאָלג" און די ביליקע ציַיטונגס-פּאָפּולאַריטעט.

אָט האָב איך די טעג געלייענט אין אַ צייטונג אַזאַ באַמערקונג פון איינעם פון די אידישע „פיגאַראָ"'לעך, די „גאַלערס

פון סעווילאַ", אָדער גאָר פון טאַרנאָפּאָל, וועגן אונדזער פריינד מ. עלקין. און ער שרייבט, אָט־דער „פלינקער" רעפּאָרטער: „מענדל עלקין — אַ „כל ולך" אין דער אידישער ליטעראַטור", א. אַ. וו. קוק נאָר אָן די אָלימפּישע הויך פון דעם פּאַפּיר־פאַרשוואַרצער! „ער" — דער פּאַטענטירטער, דערבאַרופּ־לעכער, דער „וואָרט־פירער" משטיינס־געזאָגט — און עלקין — אַ „כל ולך"! אָט־דאָס איז די קללה פון דער זשורנאַליסטיק בכלל און אויף דער אידישער גאַס בפרט. יעדער וואָס האָט בלויז אַ מעגלעכקייט צו שרייבן וואָס ער וויל — שרייבט, און מיינט אַז ער מעג. דערויף האָט ער דאָך אַ שטעלע, דערפאַר איז ער דאָך אָפּגעזעסן אַלע זיינע יאָרן ביי אַ ציימונג, בשעת דער אַנדערער האָט געהאַט גרויסע פאַרנעמען, איז אַרומגע־פאָרן איבער די וועלדער פון סיביר, האָט געשאַפן און געהאָלפן שאַפן אידישע קולטור — אין רוסלאַנד, האָט געזייט מיט אַ ברייטער האַנט — און גאָר ניט געטראַכט פון דעם „שכר".

געבאָרן צו זיין אַ „פּריץ" און ניט קיין ציימונגס־שרייבער. און אָט־די צוויי מינים מענטשן וועלן זיך קיינמאָל ניט פאַר־שטיין.

מילא — איך בין נאָך וויים פון מיין טעמע, אָדער ריכטי־קער פון מיין ערשטן אַדרעס. פון איזמאַילאָווסקי פּראָספּעקט ביז איסט בראָדוויי, פון דער אַמאָליקער רוסלאַנד מיט איר ברייטקייט און איהרע עקסטאַזן, מיט אירע ווידערשפּרוכן און איר אָריגינאַליטעט, ביז צו דער באַנאַליטעט פון דעם אידישן לעבן פון אַמעריקע — איז אַ ווייטער מהלך. ניט קיין דריי טויזנט מייל, נאָר אַ תהום, וואָס איז נאָך ניט באַזיגט געוואָרן. און אין דעם תהום — כאַאָס. און אפשר איז דאָס—דאָס גורל'־דיגס אין מענדל עלקין: ער איז ניט באַשאַפן געוואָרן פאַר דער כאַאָטישקייט, צעפלאָנטערטקייט און קליינקאָליבריקייט פון אונדזער היגן לעבן. און נאָך אַזוי פיל יאָר אין אַמעריקע, דער אידישער אַמעריקע, איז ער נאָך אַלץ דער עכטער רוסיש־אידישער אינטעליגענט פון אַמאָל, מיט אַלע די וואונדערלעכע אייגנשאַפטן און אפילו מיט די טשעכאָוו'שע באַדנלאָזיקייטן פון אונדזער אַמאָליקער אינטעליגענץ. אָבער פון אַלע מעלות

וואָס די רוסישע אידעאַליסטן האָבן געהאַט, האָט ער איינע דערפירט כמעט ביז צו איר שלמות: די קונסט צו בלייבן יונג. און דער זעכציק-יעריקער „מענדל" איז אפשר דער אינגסטער אין דער גאַנצער פרי-פאַרעלטערטער, פאַרכמורעטער אידישער סביבה. דאָס איז אפשר דאָס בעסטע און דאָס איינציקע וואָס ער האָט אַרויסגעראַטעוועט און מיטגעבראַכט פון דעם „איזמאַי־לאָווסקי פּראָספּעקט".

ב. וולאַדעק

# דעם זעכציקער

עס זענען דאָ מענטשן וועגן וועלכע עס איז שווער צו דענקן אין צוזאַמענהאַנג מיט עלטער. זיי זענען אַזוי באַוועג־לעך, אַזוי ענערגיש, אַז עס דוכט זיך, זיי זענען אַליין באַוועגונג און צייט. מענדל עלקין באַלאַנגט צו די מענטשן און איך בין באמת איבערראַשט געוואָרן זיך צו דערוויסן, אַז ער איז שוין אַ זעכציקער. איך נעם אָן, אַז עס איז אמת און אויב עס איז אמת, איז דאָס גאָרנישט אַזוי פריילעך. אונדזער ליטעראַטור־און קולטור־לעבן באַוועגט זיך זייער פּאַוואָליע. מענדל עלקין איז געווען איינער פון די, וואָס האָט עס שטענדיק אונטערגע־שטופּט, געפּאָכעט מיט דער בייטש, געשריען „וויאָ" און אַמאָל זאָגאַר געהאָלפן מיטן אַקסל דעם וואָגן אַרויסצושלעפּן פון בלאָטע. איך קען נישט קיין אַנדערן וואָס זאָל זיין אַזוי באַ־גייסטערט, אַזוי פּאַר'עקשנ'ט. איז טאַקע אויב ער איז שוין אַ זעכציקער, דאַרף מען אים בעטן ער זאָל שוין אָנפאַנגען צו דערציען אַנדערע אים אַרויסהעלפן. ווייל אויב נישט, וועט ער דאָך מוזן לעבן אייביק און דאָס וואָלט דאָך געשאַפן אַ גוואַלדיקע רעוואָלוציע אין אַלע אָנגענומענע געזעצן פון לעבן.

עס זענען דאָ פיזישע דערשיינונגען, וואָס קומען מיט די עלטערע יאָרן, וועלכע קיינער קען נישט אָפּשטעלן, אפילו נישט חבר סטאַלין. אָבער גייסטיק און מאָראַליש קענען מענטשן זיין געזונט אויך אין הויכן עלטער.

צו זעכציק ווינטש איך מענדל עלקין, ער זאָל בלייבן אַזוי יונגנטלעך, אַזוי ליטוואַצקע־פּאַר'עקשנ'ט ווי ער איז צו זעכציק.

אפרים אויערבאַך

# אַלט זייד

מענדל עלקינען מיט חבר'שאַפט.

דער זיידענער יונגערמאַן איז שוין פאַרפאָרן ווייט
אין גרויע, רויע יאָרן, יאָכן, בראָכן, נויטן,
נאָר איידעלער און דינער ווערט באַיאָרנט זייד
און יונגשאַפט שמעקט פון זיידנס פאַלבן־צויטן.

ביי אונדז די זיידענע, די שיינע יונגעלייט
פאַרפוצן זיך אין קארבן, ווי די ערד אין אלול,
נאָר אַז סע גיט אַ בליאַסק די זון, צעשפילט זיך זייד
און קאַרבן־פאַרבן גייען אויף אין שפּילן העלע.

ס'איז דאָ אין אַלטן זייד אַ יחוס'דיקער פאַלב,
די טאַטע־מאַמעס חתונה, און אונדזער יוגנט,
אָט פליט אַ צויט, אַן עלנטע — אין ווינט אַ שוואַלב,
אָט שורשען קנייטשן טאַטנס אַלטע ווערטער קלוגע.

די מאַמע מיינע, — אין די יונגע יאָרן שלאַנק, —
האָט אויף דער עלטער נאָך די זיידענע ראָטאָנדע
געטראָגן מיט אַ ספּריטנעם נאָך־דער־חופּה־גאַנג, —
מיין איינגעשרומפּענערס, מיין מאַמעס זיידן אָנזען.

דעם טאַטנס זיידענע קאַפּאָטע האָט געגרינט
מיט אַלטע יום־טוב'ן, מיט חתונות און ברית'ן,
נאָר מערער נאָך — ס'האָט מיט דער צייט די צייט, ווי ווינט
דאָס לעבן זיינס אויף פּעדעמלעך, אויף זייד, צעריסן.

דאָס לעבן, ווי אַן אַקעראַייזן אונדז צעשניידט,
מיר טראָגן איינגעקאַרבט די יאָרן אין די הויטן,
נאָר ליכטיק אָנצורירן איז דאָס אַלטע זייד
און איינצוטונקען פינגער אין די ווייכע צויטן.

ש. ניגער

# עטלעכע ווערטער וועגן מענדל עלקינען, ווי וועגן אַ פריינט פון ליטעראַטור און קונסט

זינט איך קען מענדל עלקינען — און איך קען אים שוין היבשע עטלעכע יאָר, באַלד שוין דריי צענדליק יאָר, — געפין איך אים אין דער אַטמאָספערע פון קונסט.

אין מינסק, וואו ער האָט פאַרבראַכט אַ טייל פון זיינע יונגע יאָרן, איז געווען אַ געזעלשאַפט, וואָס איר נאָמען, ווי איך געדענק, האָט אין מיינע יונגע אויערן זייער שיין געקלונגען. „אָבטשעסטוואָ ליוביטעליי איזיאשטשניך איסקוססטוו״ („געזעלשאַפט ליבהאָבער פון פיינע קונסטן״) האָט זי געהייסן. איז מענדל עלקין געווען אַ מיטגליד פון אָט־דעם פאַראיין,—און אויף זיין גאַנץ לעבן איז ער פאַרבליבן אַ ל י ב ה אָ ב ע ר פ ו ן ש י י נ ע ק ו נ ס ט ן.

אַ ליבהאָבער פון קונסטן און אַ פריינט פון קינסטלער.

וואו און ווען איך זאָל אים נישט האָבן באַגעגנט, — אַלץ איינס, צי דאָס איז געווען אין באָברויסק אָדער אין ווילנע פאַרן קריג, צי דאָס איז ניו־יאָרק,—אומעטום און אַלעמאָל האָט ער זיך געפונען אין דער געזעלשאַפט פון שריפטשטעלער, שוישפּילער, מאַלער, מוזיקער.

איך געדענק זייער גוט, ווי צוגעבונדן איז געווען צו אים א. ווייטער — אים צו לענגערע יאָרן. מיר איז באַקאַנט זיין לאַנגיאָריקע פריינטשאַפט מיט פּרץ הירשביינען. איך וויים, ווי נאָענט ער איז געווען צו אַנדערע שרייבער, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם ווילנער פאַרלאַג פון זיין פריינט ב. א. קלעצקין... ער איז פאַראינטערעסירט אין שעפערישע מענטשן, ווי נאָענט אים איז זייער גורל, וויפיל צייט, וויפיל ענערגיע ער איז גרייט אָפּצוגעבן מיטן ציל צו שאַפן אַרום זיי אַן אַטמאָס-

פערע פון אויפמערקזאַמקייט און סימפּאַטיע. און ווען איך גיב אַ טראַכט וועגן אַט־דעם זעלטענעם ליבהאָבער פון ליטעראַטור און קונסט און נאָך זעלטענערן פריינט פון ליטעראַטן און קינסטלער, קומט מיר אויפן זינען דאָס אַלטע ווערטל: „זאָג מיר, ווער דיינע פריינט זענען, וועל איך דיר זאָגן, ווער ביזטו אַליין"... עפּעס מוז זיין אין אים אַליין פון אַ שעפערישן מענטשן. אַנדערשט וואָלט ער נישט געהאַט אַזאַ געפיל פון פריינטשאַפט צו די, וועלכע שאַפן אונדזער ליטעראַטור און אונדזער קונסט. עס ציט אים צו זיי, ווייל אין זייערע דערגרייכונגען זעט ער זיין אייגענע שטרעבונג, זיין אייגענע — נישט אויסגעלעבטע — קינסטלערשאַפט. זייער וואָר איז זיין חלום.

און זיי פילן אין זיין בענקען נאָך שיינקייט — שיינקייט. און זיי זענען אים געווים דאַנקבאַר.

נעמט זיך דאָך אונדזער גאַנצע גייסטיקע עלנטקייט דער־פון, וואָס צווישן יענע, וועלכע שאַפן גייסטיקע ווערטן, און די, וואָס גענימען זיי (אָדער דאַרפן זיי געניסן), איז דאָ אַזאַ שוואַכע באַרירונג. און מענדל עלקין געהערט צו יענע, וועלכע העלפן שאַפן אַ דערנעענטערונג צווישן די שאַפער און די געניסער פון קולטור־אוצרות. ער איז צווישן די ערשטע אויסצודריקן אָנער־קענונג אונדזערע שריפטשטעלער, אונדזערע קינסטלער, צווישן די ערשטע זיי אָפּצוגעבן כבוד. איז פאַרשטענדלעך, וואָס פון זיי טאַקע קומט די איניציאַטיוו אָפּצוריכטן דעם יום־טוב פון זיין זעכציקסטן געבורטסטאָג. וויפיל איז אַ שיר, טראַכטן זיי, צו לאָזן אים מאַכן יום־טובים פאַר אַנדערע. זאָלן אַמאָל אַנ־דערע אים אָפּגעבן מזל־טוב — און נישט נאָר פאַר די ליטע־ראַרישע ווערק, וואָס ער האָט געשריבן, און נישט נאָר פאַר זיינע אויפטואונגען אין דער אידישער טעאַטער־וועלט, נאָר טאַקע אויך פאַר זיין שטענדיקן אָפּרופן זיך אויף אַלץ, וואָס איז שיין און שעפעריש אין אונדזער לעבן. ער האָט עס, ווי אַ קולטור־מענטש און אַ קולטור־טוער, כשר פאַרדינט.

לייבוש לעהרער

# מענדל עלקין

איר געדענקט דאָך די באַרימטע שפּיל: דאָס מיידל שמייכלט צום צווייגל, וואָס אין איר האַנט, און רייסט די בלעטלעך: „ער ליבט מיך יאָ. ער ליבט מיך ניט. ער ליבט מיך יאָ. ער ליבט מיך ניט”. ווען זי קומט צום לעצטן בלעטל, און עס ענדיקט זיך מיט „ער ליבט מיך יאָ”, וואַרפט זי אַוועק דעם נאַקעטן שטאַם פון צווייגל, און טוליעט דאָס בלעטל צו זיך, פאַר דער ליכטיקער בשורה, וואָס עס האָט איר געבראַכט.

ווען מיר ווילן זיך דערגראָבן צום תוך פון אַ מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, איז גוט אַמאָל צו מאַכן ביי זיך אין געדאַנק אַן ענלעכן עקספּערימענט. מיר ווען זיך פאָרשטעלן דעם מענטשן ווי אַ צווייג, די בלעטער וועלן זיין זיינע פאַרדינסטן אין לעבן, און אָט וועלן מיר אין דמיון אָפּרייסן בלאַט נאָך בלאַט: „דאָס איז ער יאָ, דאָס איז ער ניט”, ביז מיר וועלן צו־קומען צו אַזאַ מין אויפטו זיינעם, וואָס מיר וועלן פילן, אַז ד אָ ס א י ז ע ר י אָ. אָט אַזוי וועלן מיר באַשטימען, וואו עס ליגט דער הויפּט כח פון זיין פּערזענלעכקייט.

ווען איך גיי דורך אין געדאַנק אַזאַ מין עקספּערימענט בנוגע מענדל עלקינען, פיל איך, אַז די גאַנצע עשירות פון זיין פאַרדינסטפולן לעבן וואַרפט בלויז אַ זייטיק ליכט, אָבער דער־קלערט ניט דעם תמצית און דעם כח פון אָט־דעם זעלטענעם מענטשן. איך רייס אָפּ בלאַט נאָך בלאַט, געבליבן בלויז מיטן נאַקעטן שטאַם אין דער האַנט, און, מערקווירדיק, איך פיל, אַז ס׳איז מיר נאָך אַלץ געבליבן דער גאַנצער, פולער מענדל עלקין, קיין האָר ניט געמינערט. טאָ ווער און וואָס איז ער פאָרט?

עלקינס ראָלע אין אונדזער קולטור־לעבן אויף יענער זייט ים איז מיר באַקאַנט בלויז פון דעם, וואָס מען האָט מיר דער־ציילט. אָבער טעטיקייטן דאָ, אין אַמעריקע, האָב איך געזען, האָב איך בייגעוואוינט. איך האָב אים געזען בויען דעם

„טעאַליט״, אים געזען אין דער ראָלע פון טעאַטראַל, בויער פון די באַרימטע אויסשטעלונגען פון דער קולטור־געזעלשאַפט, קולטור טוער, שרייבער פון פּיעסן, עטנאָגראַפּישער שילדערער פונעם לעבן אין סיביר, געזען, געלייענט און בייגעוואוינט. און אָט רעכן איך אַראָפּ אין געדאַנק איין אויפטו נאָכן צווייטן, און מיר בלייבט נאָך אַלץ איבער דער גאַנצער, פולער מענטש, אַ האַר ניט געמינערט. וואָס איז פּאָרט מענדל עלקין?

זיצן מיר אַ גרופּע מענטשן און פּאַרברענגען צוזאַמען. אָט קומט אַריין אַ פרישער גאַסט, אַ מענטש מיט פּאַרדינסטן. שטעל איך אים פּאָר אַלע פּאַראַנענע און רעכן אויס זיינע מעלות טובות. איך וויל, מען זאָל אים אויפנעמען ווי אים קומט. ווען דער גאַסט איז מענדל עלקין, דערמאָן איך בלויז זיין נאָמען, ניט מער. אָט וועט ער דאָ זיין עטלעכע מינוט, וועט מען גלייך דערפילן, אַז ס׳איז עפּעס געוואָרן היימישער, ליבער, וואַרעמער. ס׳איז עפּעס צוגעקומען וואָס אָן אים איז עס ניטאָ, און ווען ער וועט אַוועקגיין, וועט מען גלייך דערפילן, אַז ס׳איז געוואָרן ווייניקער. אָט דאָס איז מענדל עלקין.

ער פּאַרמאָגט אין זיך דאָס האַרץ פון אַ קינד, מיטן אויג פון אַ זקן. זיין פּאַרשטענדעניש פּאַר וועלט און לעבן ווערט אַזוי פיין באַלאַנסירט, אַז זי צעשטערט ניט, זי פּאַרוואָלקנט ניט די ריינע מענטשלעכע גלויביקייט, וואָס באַ׳חנ׳ט זיין יעדן טראָט. ער איז געבוירן געוואָרן מיט אַ ברייטקייט, מיט אַ פּאַרנעם, וואָס פּאַר׳חידוש׳ט, וואָס געפינט זעלטן אַ גלייכן צו זיך. איך שטעל מיר פּאָר ווי ענג, ווי שטיקנדיק ענג, ער מוז זיך אָפּט פילן אין די שמאָלע געסלעך פון אונדזער וועלט. ער צייכנט זיך אויס מיט אַ פּאַראינטערעסירטקייט, מיט אַ גע־טריישאַפט, און זעלבסטפּאַרגעסנדיקער איבערגעגעבנקייט, פון וועלכער עס איז אָפּט נשתומם צו ווערן. עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געוועזן אַ באַצוואונגענער פון אַן אינערלעכער אויסדער־ווײַלטקייט. זיין ברייטע ליבע ווייס ניט פון קיין גרעניצן, פּאַר־מאָגט דעם כח בייצוקומען אַלע שטרויכלונגען.

מיר איז ניט באַקאַנט קיין איינציקער מענטש, וואָס האָט אַזויפיל אמת׳ע, וואַרעמע פריינט ווי מענדל עלקין. מיר איז

ניט באַקאַנט קיין איינער, וואָס זאָל זיין מיט אַזויפיל מענטשן פער „דו" — ווי אַן אויסדרוק פון אינערלעכער נאָענטקייט — ווי מענדל עלקין. ער איז דורך און דורך אַ געזעלשאַפטלעכע בריאה, מיט יעדן פאַרוועבט אין געדיכטער קהל'שקייט, אָבער ס'איז ניטאָ קיין איין רגע, מען זאָל ניט פילן, אַז דאָס איז ער, מיט זיין גאַנצער אַרויסשטאַרצנדיקער אייגנקייט.

וויפיל דאַנקבאַרטקייט און וואַרעמע אָפּשאַצונג איך זאָל ניט פילן פאַר דעם, וואָס ער האָט געטאָן און אויפגעטאָן אין משך פון זיין פילפאַרביק לעבן, קען דאָס אַלץ ניט פאַרשטעלן פאַר מיר דעם ליכטיקן פאַקט, וואָס ער איז דאָ מיט אונדז בכלל, וואָס אונדזער קרייז פאַרמאָגט אַן עקזעמפּלאַר פונעם מין מענדל עלקין.

מ. באָריישאַ

# דער ליבהאָבער

געבוירענע טאַלאַנטן פאַרשפּרייטן אַרום זיך אַ באַציאונג צו דעם, וואָס איז דער תמצית פון זייער טאַלאַנט: פּאָעטן צו פּאָעזיע, מוזיקער צו מוזיק, מאָלער צו מאָלעריי. אויך טאַ־לאַנטפולע ליבהאָבער טוען דאָסזעלבע — זיי צווינגען ליב צו האָבן.

מענדל עלקינס טאַלאַנט איז ליבשאַפט צו שיינקייט. ביי קולטור־מענטשן איבערגעוואָקסענע קען אַזאַ פאָרמולע קלינגען אַביסל צו עלעמענטאַר און אַלטמאָדיש. דאָס עלעמענטאַרע איז נאָך אָבער אַלץ דער תוך, און אין דעם דור, אין וועלכן מענדל עלקין איז געוואָרן דאָס וואָס ער איז, האָט מען קיין אַפּאָלאָגיעס פאַר דער פאָרמולע נישט גענדאַרפט. אַ טאַלאַנט צו ליב האָבן שיינקייט האָט זיך גערעכנט פאַר זייער אַ שיינער מתנה פון אויבן.

מיר איז נישט אויסגעקומען צו קענען עלקינען אין יענע יאָרן, ווען ער האָט געהאַט די פרייע מעגלעכקייטן אויסצולעבן אָט־דעם טאַלאַנט זיינעם אויף ניי־אידישקייט, אויף אונדזער ליטעראַטור און אויף אַלע, וואָס האָבן געטראָגן די ניי־אידיש־קייט, די ליטעראַטור, דעם טעאַטער, די קונסט. אָבער אין דערזעלבער סביבה האָב איך געלעבט און איך ווייס, אַז עס איז קיין קונץ נישט געווען דאָרטן צו גילטן פאַר אַ טאַלאַנט־פולן ליבהאָבער און אַרויפצווינגען אָט־די ליבשאַפט אויך אויף אַנדערע.

אַ קונץ איז עס געווען דאָ אין אַמעריקע. קומען אַהער אָן דעם באַגאַזש פון דער רעקלאַמע, אָן דעם איינגעשטעלטן פלאַץ אין דעם אַל־אידישן „הו׳הו״ און אַרויסרייסן ביי דער היגער אידישער קולטור־סביבה די אָנערקענונג, חבר׳שאַפט, צוטרוי, מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגערינגלט — אויף דעם דאַרף מען האָבן טאַלאַנט, און נישט אַבי אַ טאַלאַנט.

דאַכט זיך, עלקין טיילט מיט אַ סך אונדזערע גאַנץ אויס־
געשפּראָכענע איבערצייגונגען און באַציאונגען, וואָס ווערן ביי
אימיצן אַנדערש פּאַרטייאיש און פאַרזאָרגען אים מיט אַ היב־
שער פּאָרציע בטול און שנאה. עלקין האָט דעם טאַלאַנט פון
צווינגען מענטשן — וואוהין זיי זאָלן נישט געהערן — אים
אָנצונעמען אַזוי ווי ער איז. ער טוט עס דורך פאַרשפּרייטן
אַרום זיך אַ מין ציכטיקע לופט פון היימלעכקייט, וואָס נאָר
ער אַליין ווייס ווי אַזוי צו באַשאַפן. און צי עס איז קינדער־
טעאַטער, טעאַטער בכלל, אַ ליטעראַטור אָדער קולטור־אונטער־
נעמונג — מיט עלקינען אינמיטן ווערט עס כשר פאַר אַלע
צדדים.

טאַלאַנט ווישט אָפּ די געוויכט פון עלטער. איר זאָגט:
עלקין איז אַ בן־ששים? נו, איז וואָס? דאָס, וואָס טראָגט
אים, איז זייער יונג. און אַז ער וועט ווערן אַ בן־שבעים וועט
ער אַלץ בלייבן דערזעלביקער — אַ ליבהאָבער.

א, לעיעלעס

# אַן עפּיזאָד און אַ וואונטש

מיט מענדל עלקינען פאַרבינדן מיך נישט קיין ווער־ווייס וואָס פאַר אַ ווייטע פאַרגאַנגנהייטן. איך האָב אַרום עלקינען נישט קיין זכרונות וועגן די אינטערעסאַנטע, שטורמישע צייטן אין רוסלאַנד, וואָס האָבן אי העראָאישקייט, אי טראַגיק, אי מסתמא געגוג הומאָר. איך קען עלקינען פון אַמעריקע. און כאָטש עס האָט זעלטן ווען געטראָפן, אַז אונדזערע באַציאונגען זאָלן קאָנען אָנגערופן ווערן זייער נאָענט, איז עפּעס דאָ אַן אומגעזעענער פאָדים, וואָס פאַרבינדט מיך מיט אים, און — וויל אויך האָפן, אים מיט מיר. וואָס דער פאָדים איז, נעם איך זיך נישט אונטער צו זאָגן. און עס איז אפשר גאָרנישט נויטיק צו פאָרמולירן און דעפינירן. וואָס שאַדט עס אין דער אמת'ען, אַז געוויסע זאַכן בלייבן אומדערקלערט?

איך ווייס בלויז, אַז ביי געוויסע מאָמענטן איז דער פאָדים געוואָרן זייער קענטיק, שאַרף, בולט.

אַזאַ איז געווען די פּלוצלינגדיקע קראַנקהייט מענדל עלקינס, מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען זיין לעבן איז געהאנגען נישט אויף אַ פאָדים, נאָר אויף אַ האָר, ווען לויט אַלע דאָק־טאָרשע באַריכטן, האָט מען שוין געדאַרפט אויפגעבן יעדע האָפענונג. דער ווייטיק, וואָס האָט מיך אַרומגעכאַפּט פון דער ידיעה, איז געווען אַזוי שאַרף, ווי כ'האָב עס נאָר זייער זעלטן געפילט פנים־לפנים מיט דעם טויט. און כאָטש איך בין נישט געלאָפן אים זען אין דעם שפּיטאָל (איך בין אַ זייער שלעכטער מבקר חולה בכלל), האָט מיך דער פאַרדראָס, די פּיין נישט אָפּגעלאָזן. עד היום קאָן איך, דעם אמת געזאָגט, נישט אינ־גאַנצן פאַרשטיין, פאַרוואָס דוקא מ. עלקינס טויט־געפאַר האָט מיך אַזוי אַ כאַפּ געטאָן. אַ סך נענטערע מענטשן מיינע זענען שוין אַוועק פון דער וועלט. איך האָב אויך אין אַלגעמיין אַ גאַנץ „פילאָזאָפישע" באַציאונג צום טויט, און קיין צו גרויסע




פון רעכטס, זיצן: ארטיסט סאָמבערג, מ. עלקין (פרעזידענט)
ד״ר. יצחק שיפער. שטייען: ארטיסט פישער, נ. גאָרעלאוו (סעקרעטאר),
ארטיסט שטאָקפעדער.



דוד פינסקי און מ. עלקין. (1935)

איבעררא‫ַשונג איז יעדעס נייע שפיצל פון זיין שוואַרצער מאַיעסטעט פאַר מיר קיינמאָל נישט. און דאָך...

און דאָך — עס איז מיר פשוט געגאַנגען אין לעבן, אַז עלקין זאָל בלייבן לעבן. נאָך מער: אָן שום מינדסטן גרונט בין איך ווי זיכער געווען, אַז ער וועט זיך אַרויסדרייען.

און ער האָט באמת זייער גוט געטאָן, וואָס ער האָט מיך געפאָלגט. אויב איר זענט גענייגט צו גלויבן אין מיסטישע כחות, אויב איר האַלט פון טעלעפּאַטיע, אויב איר זענט אַ מאַמין אין דער גבורה פון תפילה, אָדער אויב איר דערלאָזט, אַז דער ווילן, דאָס ווינטשן — שטאַרקע און איינציקע — פון איין מענטש בנוגע אַ צווייטן קאָן עפּעס אויפטאָן, איז אין דעם פאַל: אין מיין באַציאונג צו מענדל עלקינס לעבנס-סכנה, געווען עפּעס אַזוינס.

פאַר אַ פּאָעט איז דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון זיין אינערליכער וועלט דאָס ליד. איך האָב אַ טעאָריע, אַז אין ליד איזדער דיכטער דער סאַמע אמת'דיקסטער מענטש. אפילו ווען ער זאָל וועלן מאַסקירן, פאַרבאָרגן זיינע געפילן, געדאַנקען, זאָגן דאָס, וואָס ער וויל גאָרנישט — אפילו דעמאָלט גערעט אים נישט צו באַהאַלטן זיך. דער אמת וועט אַרויסלויכטן אָדער אַרויססטאַרטשן. אין דעם פּרט איז, גלויב איך, דאָס דיכטערישע וואָרט יענער סטיכישער כח, וואָס קאָן זיך פאַרגלייכן מיט אַ נאַטור-געזעץ אָדער מיט אַ ביאָלאָגישן געבאָט.

אַנטקעגן וואָס זאָג איך דאָס? אָט קעגן דעם, וואָס אין די טעג, ווען מענדל עלקינס נאָמען האָט אָנגעהויבן פאַרוווישט, פאַרבלאַסט צו ווערן פון דעם ספר החיים, האָב איך אין איין זיץ אָנגעשריבן אַ ליד צום „חבר טויט”, און האָב עס טאַקע עלקינען דעדיקירט. עס איז פאַר מיר געווען אַ געוואַלטיקע פרייד, וואָס עלקין אַליין האָט דאָס ליד געקאָנט לייענען — אַ געזונטער, אַ מונטערער, אַלס איינער, וואָס קלייבט זיך פּראַוון יובילייען.

דאָ וואָלט איך אייגנטלעך געקאָנט פאַרענדיקן מיין באַגריסונג צו מענדל עלקינען, צו זיין 60 יאָריקן געבורטסטאָג.

נאָר עס איז דאָ נאָך אָן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד — דאָס מאָל שוין פון עלקינס צד.

ער האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער איז געלעגן צו בעט, ווען אין זיין באַוואוסטזיין האָט זיך בליציק אויסגעלייגט דער זאַץ: „די צייט צו גיין איז געקומען" — אין אָט־דער שעה האָט ער געזען אַ געשטאַלט פאַר זיך, און דאָס איז געווען — פּאַביוס לינד, אַ נאָמען, וואָס גייט דורך אין מיין פּאָעמע „צו דיר — צו מיר", און וואָס באַטיטלט אויך מיין ניי בוך לידער. און נישט בלויז געזען — ער, עלקין, האָט אויך געהאַט אַ מין וכוח מיט פּאַביוס לינדן. לויט עלקינס רייד האָט ער געפרעגט ביי אים:

„און וואָס וועסטו איצטער זאָגן?"

ווידער דאָס אייגענע: אויב איר גלויבט אין טעלעפּאַטיע, אין געדאַנק־געשטאַלטן, וואָס קאָנען זיך מאַטעריעל קאָנסאָלי־דירן און אויף זיך אָנטאָן דעם לבוש פון רוים און צייט, האָט איר דאָ אַ שטיקל אַרגומענט דערפאַר.

וואָס פּאַביוס לינד האָט דעמאָלט געענטפערט אויף מענדל עלקינס האַרבער קשיא, וויים איך נישט. נאָר פּאַביוס לינדס באַשעפער זאָגט היינט צו מענדל עלקינען אָט־וואָס:

„איך האָב גאָרנישט קעגן דעם, אַז איר, ליבער מענדל, זאָלט זיצן אויבנאָן אַ געזונטער און מונטערער ביי מיין זעכציק־יאָריקן און אפילו פינף־און־זיבעציק יאָריקן געבורטסטאָג!"

ב. צ. גאָלדבערג

# אין גאַנג פון טאָג

מענדל עלקין איז אונדז דאָ, אין אַמעריקע ווי פון הימל אַרונטערגעפאַלן.

ס'האָט זיך באַוויזן אַ מענטש, עלקין, מיט אַ פּנים פון אַ שוישפּילער, מיט אַ קודליע האָר פון אַ מאַלער, און מיט אַ שטעל ווי נאָר וואָס אַרויס פון מאַנפאַרנאַס.

נאָך גאָר אַ גרינער, און אַלע קענען שוין אים. מיט דעם שרייבער צעקושט ער זיך, מיט יענעם איז ער אויף „דו", און איידער מען קוקט זיך אַרום, שטייט ער שוין אין סאַמע מיטן קאָך פון איסט־בראָדוויי, ווי ער וואָלט דאָ אויסגעוואָקסן.

— ווער איז דער עלקין?

— איר ווייסט ניט ווער עלקין איז?

— ניין?

אַ קוועטש מיט די פּלייצעס, ווי איינער וואָלט געפרעגט: ווער איז שלום אַש?

— ווער איז עלקין פאָרט?

—עלקין איז אַלץ.

— אַ שרייבער?

— אַ שרייבער.

— און וואָס נאָך?

— אַן אַקטיאָר, דאָס הייסט ניט אַזוי אַן אַקטיאָר, ווי אַ טעאַטער־מענטש.

— און נאָך עפּעס אויך?

— אַ קולטור־טוער, און — און

— און וואָס נאָך?

— און... עלקין. וואָרום עלקין אַליין איז אַ קאַטעגאָ־ריע אַזאַ.

---

איך האָב געלייענט פון עלקינס פען אַ גרויסע פּאָעמע, אַ

גריכישע דראַמע, אַ ריינע־באַשרייבונג, טעאַטער קריטיק און קונסט קריטיק, אַ ביאָגראַפיע פון אַ מוזיקער, אַ באַאַרבעטונג פון אַ ראָמאַן.

און ס׳איז אַלץ גלאַט און פיין, מיט טאַלאַנט געשריבן.

אָבער איז דאָס דען עלקין?

דאָס זענען אַלץ נאָר איין קליין קאָנטורעלע פון דער פיל־ארטיקייט און פיל־פאַרביקייט און פיל־טאַגיקייט פון דעם מענטשן עלקין.

עלקין איז דער אמת׳ער מושלם. אַ מושלם ניט נאָר אין קענען פאָרם, נאָר אין כאַראַקטער, אין פערזענלעכקייט.

ניטאָ נאָך אַזאַ מענטש, וואָס קען זיין אַזאַ גוטער פריינט, אַזאַ איבערגעגעבענער מענטש, אַזאַ איינער וואָס איז גרייט צו גיין אין פייער און וואַסער פאַר יענעם, און ניט קוקן אויף זיך, אויף דער מינדסטער האָר, ווי עלקין.

איך דערמאָן זיך: וויפיל האָב איך דאָס אַליין ניט עקספּלו־אַטירט דעם דאָזיקן מענטשן, ניט חלילה פאַר מיר פערזענלעך, נאָר פאַר קהל׳שע, ליטעראַרישע ענינים און פערזענלעכקייטן!

גוטע אַרבעט געווען, וויכטיקע, וואוילטעטיקע — אָבער פאַרוואָס מוז דאָס איין עלקין שלעפּן דעם וואָגן?

יעדער מושלם ליגט ניין איילען אין דער אדמה. עלקין ליגט ניין און ניינציק. אָבער איר וועט דאָס ביי אים ניט דער־גיין מיט צען דעטעקטיווס.

שטענדיק דער פראַנט אין אָנטאָן און אין טאָן, מיטן שמייכל, מיטן „וואַטעהעל" — אַ קניפּ די באַק די פאַרב זאָל שטיין.

עלקין איז פאַר אַנדערע, פאַר אַלעמען, פאַר זיך איז ניטאָ קיין עלקין.

מיר האָבן דעם מענטשן גוואַלדיק פאַרנאַכלעסיקט, מורא׳־דיק פאַרקוקט, אויסגענוצט, אומגעיאָגט, און פאַר אים אַליין קיין שום נוץ געזוכט.

און ער איז דאָך אויך אַ מענטש מיט באַדערפעניש. איך קלער אָפּטמאָל: פון וואָס טראַכט עלקין ווען ער בלייבט אַליין אין שטוב און קוקט אַריין אין שפּיגל?

דער מענטשלעכער געדאַנק וויל ניט קיין איינהייט, קיין אחד, דערפֿאַר זענען דאָס נאָר די אידן געבליבן ביים „שמע ישראל״. דער מענטשלעכער געדאַנק זוכט אַנאַלאָגיע, ענלעכ־קייט. ווער זענען געווען די עלקינס אין אונדזער ליטעראַטור?

פֿאַלן איין: מיניקעס, דינעזאָן. מיניקעס איז געווען ווייניקער שרייבער פֿון עלקינען, און מיט אַ סך ווינציקער קולטור. מיניקעס איז געווען אַן עלקין פֿון אַ פֿריערדיקן, פּרימיטיוו־אימיגראַנטישן דור.

דינענזאָנען האָב איך ניט געקענט, נאָר ווי ווייט איך האָב געלייענט און געהערט, האָט דינעזאָן געהאַט נאָר איין ליבע — פּרץ. זיין גוטסקייט, זיין פֿריינדלעכקייט צו שרייבער זענען געווען נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פֿון זיין גוטסקייט און געטריישאַפֿט צו פּרצן.

עלקין האָט אַ ברייטערע האַרץ, ער ליבט ניט איינעם, נאָר אַ סך, ער ליבט ניט נאָר מענטשן, נאָר אויך באַוועגונגען. ער דינט ניט נאָר פֿריינט, נאָר אויך אַן אידעאַל.

וואָס איז עלקינס אידעאַל?

אידישע קולטור, וואָס איז אי אידיש, אי קולטור. וואָס איז ווירדיק און איידל, וואָס שטייט הויך צווישן די קונסטן, ניט נידעריק אויפֿן פֿיש־מאַרק.

עלקין איז כולו נשמה יתירה, דערפֿאַר איז ער אַזוי דין און פֿלאַטערדיק.

טוט מיר גרויס הנאָה, וואָס כאָטש איינמאָל האָט מען זיך דערמאָנט אין עלקינען און מען פֿייערט אים אַ יובילײ — ער האָט עס אַזוי פֿאַרדינט.

לאָמיר אים ווינטשן אַ סך געזונטע און אַקטיווע עלקינשע יאָר.

דר. יעקב שאַצקי

# דער ענטוזיאַסט

(עלקינען אַ באַגריסונג)

יעדעס מאָל, ווען מיר קומט אויס צו ריידן וועגן אָדער צו מענדל עלקינען, קומט אויף אין מיינע מחשבות דאָס וואָרט: ענטוזיאַזם. מיר האָבן ווינציק ענטוזיאַסטן אין אונדזער סביבה. מיר האָבן ווינציק מענטשן, וואָס קענען זיך נאָך אַנטציקן. פאַרכאַפּט ווערן פון אַ בוך, בילד, קלאַנג, טעאַטער־אויפפירונג. אַזוי ווי אַנטציקן זיך וואָלט געווען אַ חטא אָדער עפּעס, וואָס עס פּאַסט ניט פאַר אַ „רייפן" מענטשן.

עלקינס ענטוזיאַזם איז ניט קיין אומקריטישע התפעלות. גאָר ווייט פון אַזאַ מין ענטוזיאַזם. עלקינס באַציאונג צו קולטור־פראַגן, הן טעאָרעטישע והן פּראַקטישע איז גאָר אַ קריטישע, אפשר אַמאָל שוין צו פיל קריטיש. אָבער עלקין באַנעמט און דעבאַטירט וועגן ליטעראַטור און קונסט ווי אַ געניסער, אַ קאָנסומער, אַ פיינשמעקער. דערפון נעמט זיך זיין פּערזענלעכע באַציאונג צו יעדן ענין, וואָס ער באַרירט. עלקין קען ניט זיין זאַכלעך, פּשוט דערפאַר, ווייל זאַכלעכקייט מיינט זיין מחוץ זיך, קענען אָביעקטיוו קוקן און אורטיילן.

עלקין לעבט אין דער זאַך, וואָס איז אים ליב. ער וויל אפילו ניט מאָטיווירן פאַרוואָס ער האָט עס ליב. דאָס אַליין, אַז אים האָט אַ ווערק פאַרשאַפט הנאָה, איז דער סאַמע וויכ־טיקער אַרגומענט, אַז דאָס דאָזיקע ווערק איז גוט. דאָס איז אַ ריין סוביעקטיווע באַציאונג, וואָס קען ניט אַנאַליזירט ווערן אָביעקטיוו. אין דערזעלבער צייט איז פאַראַן אין מענדל עלקינס פּערזענלעכקייט די פייאיקייט אָנשטעקן אַנדערע מיט זיין ענטוזיאַזם. און דאָס איז אַ מדרגה! און דאָס איז דער שטאַרקסטער פּונקט אין זיין ליבער פּערזענלעכקייט. לויט זיין גאַנצן באַנעם פון קונסט און לעבן איז עלקין ניט קיין איד. אין אים איז פאַראַן עפּעס פון אַ העלענער, פון אַ געניסער פון קונסט לשם קונסט. ער פאַרטראָגט ניט קיין אדיעקטיוון

צום וואָרט קונסט, ער קען ניט פאַרליידן קיין יארליקן. אַ שיינע זאַך ברײנגט אים אַריין אין גרויס התפעלות, צוליב איר שיינקייט גופא. אין דערזעלבער צייט וויל ער זיין סוביעקטיווע, ריין פערזענלעכע איבערלעבונג „פארגעזעלשאַפטלעכן”, פאַר־שפרייטן און באַאיינפלוסן אַ גרעסערע פעריפעריע מענטשן. ער וועט זיך מיט אייך טיילן מיט די לעצטע איינדרוקן זיינע וועגן ביכער, מוזיק, פלאסטיק. ער וועט אָבער אייך מיט־טיילן דעם צער און עגמת נפש, וואָס עס האָט אים פאַרשאַפט אַ ריין קינסטלערישע אַנטווישונג. איר וועט זיך פילן ממש גרייט צו טיילן מיט אים דעם דאָזיקן צער, פונקט ווי איר זייט אים דאַנקבאַר פאַר די פריידיקע בשורות, וואָס איר הערט פון אים וועגן גוטע ווערק און שיינע זאַכן. אין עלקינס ענטוזיאַזם איז פאַראַן אויך יענע סימפּאַטישע אילוזיע פון זיין אָביעקטיוו, וואָס אַ סך קונסט ענטוזיאַסטן פאַרמאָגן.

דער ראָמאַנטיקער איז דאָך אַלעמאָל איינגעגלויבט אין זיין זאַכלעכקייט און אָביעקטיווקייט. אפילו די סתירות ביי אַ ראָמאַנטיקער זענען אויך פון דעם קאַליבר, וואָס לאָגיש קען מען זיי ניט באַנעמען.

עלקין איז אַ גרויסער ענטוזיאַסט פון טעאַטער. ער האָט זיינע פאַרדינסטן ווי אַ רעזשיסאָר און שרייבער וועגן טעאַטער אין דערזעלבער צייט קען עלקין האַלטן לעקציעס וועגן טעאַ־טער און וועלן באַווייזן, אַז טעאַטער איז בכלל ניט קיין קונסט א. א. וו.

דאָס רעדט אין עלקינען דער ס ק ע פ ט י ק ע ר . קען דען זיין אַ מער מענטשלעכער ווידערשפרוך ווי אַ סקעפּטיקער־ענטוזיאַסט. אָבער דאָס איז עלקין און דערפאַר איז ער מיר ליב! ווייל דער סקעפּטיקער איז אָפטמאָל דער קאָמפּאַס, וואָס ווייזט דעם ראָמאַנטיקער וואוהין איז ער פאַרפאָרן מיט זיין שיף פון ענטוזיאַזם.

אַזאַ איז מענדל עלקין אין אַלץ, וואָס ער טוט. אַזוי זע איך אים און איך באַגריס אים צו זיין יובל, ווי איינעם פון די זעלטענע טיפּן אין אונדזער סביבה.

דער סקעפּטיקער־ראָמאַנטיקער!

א. א. ראָבאַק

# אַ באַגריסונג און אַ וואונטש

צו באַגריסן אַ שרייבער ביי דער געלעגנהייט פון זיין יובילעי, קומט ניט אָן שווער. מען דאַרף נאָר איבערלייענען זיינע ווערק, און מען האָט שוין געכאַפּט דעם ווערט אָדער די שייכות פון זיין שאַפן. ניט אַזוי מיט אַ קולטור־טוער וואָס איז אויך אַ טעאַטראַל. דאָ האָבן מיר אַזויפיל טעטיקייטן, אַזויפיל פאַזן, אַז מען מוז זיך גריבלען אין יעדן געשטאַלט באַזונדער. דער באַגריף „טעאַטראַל” אַליין איז שוין אַן אַלזייטיקער. מיר האָבן דאָ צו טאָן ניט נאָר מיט אַ ליבהאָבער פון טעאַטער, נאָר מיט אַן אַרטיסט (אַקטיאָר), אַן אָרגאַניזאַטאָר, אַ רעזשיסאָר, אַ דראַמאַטורג, אַן איבערזעצער, און אפילו אַ פאַר־לעגער. און ווען מען דערמאָנט זיך נאָך, אַז פון פאַך איז גאָר מענדל עלקין אַ דענטיסט און האָט ניט נאָר געפּראַקטיצירט זיין פּראָפעסיע, נאָר האָט אפילו געשריבן טעכנישע אַרטיק־לען איבער צאָן־דאָקטאָריע, מוזן מיר איינזען, אַז עלקינס פּער־זענלעכקייט איז אַ פילגעשטאַלטיקע, וואָס לאָזט זיך ניט איינ־פאַסן אין דעם תחום פון אַן אַרטיקל אָדער באַגריסונג.

צוליב די פאַרשיידענע טעטיקייטן, וואָס באַרייכערן סיי די אייגענע פערזענלעכקייט, סיי דאָס קולטור־לעבן פון פאָלק, פאַרגעסט מען דעם סכום פון דער גאַנצער אַרבעט און די כמות פון דער ענערגיע, וואָס מען מוז אַוועקגעבן דורך די עטלעכע צענדליק יאָר פון ווירקן. אמת, דער סך־הכל זעט זיך ניט אָן, אָבער די השפעה איז פאַראַן. וואו עלקין איז געווען אָדער וואוהין ער איז געקומען, צי אין באָברויסק, צי אין וואַרשע, צי אין ווילנע, צי אין ניו־יאָרק, דאָרטן האָט ער געווירקט. עס איז אַ שאָד, וואָס זיינע שאַפונגען, סיי איבערן טעאַטער, סיי איבער קונסט און אַלגעמיין, זיינען בעלעטריסטישע זאַכן און קולטור־היסטאָרישע באַשרייבונגען, וואָס זענען ניט ווייניקער

ווּיכטיק, ווי זיינע דראַמאַטישע פּאָעמען, זענען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס.

אויב דער יובל, וואָס ווערט געפּראַוועט זאָל נאָר פירן צו דעם, אַז עלקינס געשריבענע אויפטועז זאָלן געקליבן ווערן און אַרויסגעגעבן ווערן אין בוכפאָרם, וואָלט שוין אויך געווען אויף וואָס זיך צו פרייען, און לאָמיר האָפן, אַז דאָס וועט געשען, נאָך איידער מען וועט מאַכן הכנות פאַר זיין סך יעריקן יובליי.

י. י. סיגאַל

# צו אייער זעכציק־יאָריקן יובל

מיין ליבער מענדל עלקין

אויך איר שוין אַ זעכציק־יאָריקער? און איך האָב גע־מיינט, אַז איר האָט אפילו ניט אינזינען אַזעלכע מינים יאָרן, וואָס האָבן מיט אייך גאָר ווייניק שייכות, און פּאַסן בעסער יענע, וואָס אויפהויבן אַ טאָג לעבן איז ביי זיי אַ היבש שווערע משאָ. איר, ווי ווייט איך האָב אייך געקאָנט דערקענען אין חבר׳שער נאָנט, האָט זיך תמיד אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס איר האָט געקאָנט האַלטן די יאָרן און אַלץ וואָס זיי טראָגן־מיט מיט זיך, אויף אַ גאַנץ היבשן מרחק פון זיך. און איך ווייס דאָך, ווי די צייט האָט אייך „גערדינט" און אָפּגעדינט. און איך ווייס אויף ווי ווייניק איר האָט זיך מיט איר צערעמאָניעט, ווען זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין כל־ערליי געשטאַלטן, ווי דער שטן פאַר אברהמ׳ען און יצחק׳ן אויפן עקדה־וועג. איך האָב תמיד באַוואונדערט אייער יונג און שטאַרק האַלטן זיך, נאָכ־דעם ווי איר זענט אַרויסגעריסן געוואָרן פון אייער היימבאָדן. און — ווער נאָך ווי איר האָט געוואוסט דעם גוטן געשמאַקן טעם פון זיין פאַרוואָרצלט אין ערד, פון לעבן אין דער וואַרע־מער סביבה פון אַלט־טראַדיציע און ניי־קולטור. ווייניק פון אונדזערע האָבן געהאַט אַזאַ זכות, אַ זכות וואָס מ׳דאַרף מקנא זיין. פאַר אייערע אויגן האָט דורכגעקרייצט צוויי דורות אידישע קולטור־שאַפונג. איר האָט מיטגעשאַפן און מיטגע־ווירקט מיט זיי אויף ניט איין געביט. חוץ דעם זענט איר אויך פון די פאָר איינציקע, וואָס זענען אָפּט געווען אין דער פּאָזיציע צו אָפּרוקן זיך אויף אַ שטיקל דיסטאַנץ און באַ־אָבאַכטן, און — בענטשן די מענטשן און די ווערק, וואָס האָבן אויפגעלעבט די קולטור בנינים: אידישע ליטעראַטור, אידיש טעאַטער. צו ביידע האָט איר צוגעלייגט אייער ענערגיע, אַריינגעלייגט אייערע ציגל און געגעבן טאָן און פאַרב צו דער

„אויסשטאַטונג". אַפילו אין ערטער, אפשר גאָר ניט ווייניק, וואו אייער נאָמען איז נישט אָפּגעקריצט געוואָרן דירעקט, איז דאָ אַ סימן פון אייער מיטבויען, מיטבאַווירקן. און איבער־הויפּט דאַרף מען אייך מקנא זיין, וואָס איר האָט געלעבט אינ־איינעם מיט יענעם דור שרייבער, וואָס האָט געטראָגן אויף זיך די ערשטע שווערע משאות, די ערשטע אַחריות׳פולע אָנ־שטרענגונגען. און — צייטן זענען געווען דאַמאָלט מיט אַזאַ׳ן אַנדער ליכט אין און איבער זיך, מיט אַזויפיל שוואונג אין יע־דער קלענערער און גרעסערער זאַך. און נ י י זענען יענע טעג אויפן פּאָן פון עפּעס אַ זייער גרויסע אַלטקייט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין אָפּרוקן און איבערגעלאָזט ירושה אויף ירושה. אין יעדן ווינקעלע, וואו מ׳האָט זיך נאָר אַ קער געַ־טאָן האָט מען דערזען אַ חפץ, אַ זאַך, אַן אידייע. מען איז נאָך געשטאַנען ביים קוואַל דורשטיקע. אַז מען צורעדט זיך מיט אייך אַמאָל וועגן יענע טעג, בייט זיך מיט דער רגע ניט נאָר אייער שטימונג נאָר — די שטימונג פון אַרום און פון אַלץ און עס ווערט ווידער אַלט־ניי יום־טוב׳דיק.

צו אייער זעכציק־יאָריקן יובל וואָלט געדאַרפט מיין באַ־גריסונג זיין אפשר ברייטער, מער באַריכות׳דיקער זיך אַראָפּ־רעדן פון אייגענעם האַרצן — אַז מען האָט שוין די געלעגנ־הייט, פאַרוואָס ניט? נאָר מירן עס איבערלאָזן צו אייערער אַ ווייטערער פייערונג. בפרט נאָך אַז מ׳האָט מיר צו וויסן גע־געבן איך זאָל זיך צואיילן, ווייל ס׳איז שוין ווייט אין ערב יום־טוב אַריין, נו, וויל איך דאָך אָנקומען אין צייט צו לכו נרננה.

לאַנגע, שעפּערישע און ליכטיקע יאָרן אייך, מיין טייערער פריינט עלקין. און אייערע הענט זאָלן תמיד פאַרנומען זיין מיט אַרבעט. ווייל אַלץ, מכל הבאָ בידכם, קומט אַרויס לע־בעדיקע קולטור.

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

# ווען האָב איך אים דערקענט?

...און אָט־אַזוי איז אונדז מיט יאָרן צוריק צוגעקומען אַ נאָמען אין ניו־יאָרק:

— מענדל עלקין!

ווען איך זאָג „אונדז", מיין איך: אונדז — די, וואָס טוען אידישע קולטור־אַרבעט. די, וואָס זענען באַהעפט צו דער אידישער ליטעראַטור, די, וואָס גייען אַרום אין ניו־יאָרק און חלומ'ען דעם חלום פון אידיש לעבן אין אַמעריקע, פון אידיש לעבן אין אַנדערע לענדער — פון אידיש לעבן אין אונדזער וועלט־צעשפּרייטקייט!

— מענדל עלקין!

ווען האָב איך אים דאַ דערקענט?

אין אָנהויב איז זיין נאָמען פאַר אַ טייל פון אונדז אַזוי ווי געוועזן אַרומגערינגלט מיט — שיר ניט: מיט לעגענדע! מען האָט געשמועסט צווישן זיך:

— געוועזן אַמאָל אַ גביר אַדיר!

— געשפּילט נאָך אַ גרויסע ראָליע אין רוסלאַנד.

— געוואַנדערט אין סיביר!

— געוועזן אַ מעצענאַט!

— געוואַנדערט מיט די טויזנטער פליכטלינגע, אַרויסגע־טריבענע אידן, אין דער צייט, ווען דער 7 פוסיקער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט געמאַכט דעם גירוש ביים גרעניץ.

— געוועזן פון די הויפּט־שטיצער פון דער אַמאָליקער הירשביינ'ס טרופּע.

— קען זיך מיט „פּעטערבורג".

— אַ מוזיקער!

— אַן אַריסטאָקראַט.

און אָט אַזוי האָבן די אַלע סימנים צוזאַמען עפּעס אָנגע־הויכט אַרום מענדל עלקינס „נאָמען" אַ געוויסע לעגענדאַריש־

קייט . . .

— אָבער

מענדל עלקין איז ניט קיין לעגענדע! ניין! ער איז דער אָפנסטער, דער בולט'סטער פּנים צווישן אונדז. ניטאָ ביי אים קיין באַהעלטעניש, ער טראָגט זיך ניט אַרום מיט רמזים. און ער טראָגט זיך אויך ניט אַרום מיט קיין יחוס-צעטעלעך, און אויך ניט מיט קיין טענות צום פאָלק ישראל...

אַ פּשוט'ער, אַ איינפאַכער, אַ אָפענער, און אַזאַ נאָענטער!

ווען-זשע האָב איך אים דערקענט? ווען האָב איך אים דערזען?

צום ערשטן האָט ער זיך באַוויזן צו מיר, און צו אַ סך אַנדערע, זיינע נייערע פריינט, אין דער „אידישער קולטור-געזעלשאַפט".

הויך און שלאַנק. שאַרפער שמייכל אַרום מויל. דורכ-דרינגנדיקער בליק. ערנסט און פּרינציפּיעל; שאַרף, אָבער ניט עקשנות'דיק. ריין און ציכטיק אין זיין קליידונג, מיט אַ ה ו י ך פון עקזאַטישקייט.

קולטוריסט! עמיצער, דאַכט זיך קאַלעגע לייבוש לעהרער, האָט דאָס וואָרט באַשאַפן. מיר זענען קולטוריסטן! קולטו-ריסטן — אין געגנזאַץ צו פּאַרטייער.

אָבער דער אמת'ער קולטוריסט איז — מענדל עלקין! ער איז קולטוריסט נ י ט א י ן ג ע ג נ ז אַ ץ צו עמיצן, נאָר קולטוריסט — לשם קולטור, קולטוריסט — לשם איידעלע מאַניערן, קולטוריסט — לשם פיינער מענטשלעכקייט.

איך דערמאָן זיך ווי ער, עלקין, איז עס אַרומגעלאָפן אַרום דער שלום-עליכם-אויסשטעלונג ביי דער „קולטור-געזעלשאַפט" מיט עטלעכע יאָר צוריק. מיט וואָס פאַר אַ אינטערעס ער האָט דאָס געקליבן איין אַנטיק נאָכן צווייטן, איין שלום-עליכם-איבערבלייב נאָכן אַנדערן.

און די אויסשטעלונג איז געווען זייער אַ געראָטענע, אין צימער האָט געאָטעמט מיט ליבע צו טראַדיציע, און מיט ווילן צו ש אַ פ ן ט ר אַ ד י צ י ע!

דאַן האָב איך עלקינען דערקענט, דאַן האָב איך עלקינען דערזען.

און וואו נאָך? אין וואָס נאָך פאַר אַ געשטאַלט האָט ער זיך צו מיר באַוויזן?

איך דערמאָן זיך: אַ קליינער קעמפּ ערגיץ אויף אַ באַרגיקן פּלאַץ. אין אַ לאַנגן שמאָלן דאַך־שטיבל איז גע־שטאַנען מענדל עלקין און לייכט און ציטערדיק געפּייפט אויף אַ וואַלד־פּייפל, און אַ צאָל קינדער אַרום, מיט פּייפּעלעך אין מויל, האָבן אים געפּרואווט נאָכפּייפן. עס רעדט זיך אַזוי „פּייפן!” דאָס האָט עלקין זיי געלערנט שפּילן, דאָס האָט ער זיי געלערנט אַ ניגון — אַ ניגון אויף אַ פּייפל! ער איז פאַר די קינדער געשטאַנען מיט ווייכע אויגן, מיט אַזאַ זומערדיקן האַלב־לעדערנעם וועסטל, מיט אַזוינע פלינקע מוזיקאַלישע פינגער, און דער ניגון האָט זיך געוויגט אַזוי ביינקנדיק און צאַרט.

די גוטסקייט פון אַ פאָלקסטימלעכן „סימפּל סאימאָן”, און די צאַרטקייט פון שעפערישן מענדל עלקין!

און וואו נאָך האָב איך אים דערזען?

איך האָב אים דערזען אַמאָל ביי אַ וואונדערלעכער קינ־דער־פאָרשטעלונג, וואָס ער האָט געשאַפן: איך האָב אים דער־זען דערנאָך אין זיין בוך „קאַיבאַלער סטעפּעס”; אין זיין „עדיפּוס”; איך האָב אים דערזען דערנאָך אין אַ קעמפּ — איינעם צווישן אַ סך טענצער. אָבער פון אַלעמען האָט זיך מענדל עלקין אַרויסגעזען! איך האָב אים דערזען אַמאָל אין דוד פּינסקים הויז, וואו מענדל עלקין האָט צווישן פאַרזאַמלטע חברים איבעראַניים געגומען אויסלייגן זיין פעקל אָפּטימיזם...

און יעדעס מאָל איז מיר געבליבן דער איינדרוק ניט פון ז ע ן ע ל ק י נ ע ן, נאָר פון ד ע ר ז ע ן אים אין אַ נייעם געשטאַלט אין אַ ניי ניואַנס, ניי, אָבער דאָך דער זעלביקער, געהאַלטענער עלקין! ניי אין זיין זעלביקייט! ניי אין זיין אויסגעהאַלטענער עלקין! ניי אין זיין זעלביקייט! ניי אין זיין שאַרף אָנגעצייכנטן גאַנג!

שטאָלץ און דאָך אַזוי נאָענט! נאָענט און דאָך מיט אַזאַ מין

ווייטקייט אין זיין בליק! ווייטקייט און דאָך אַזאַ גוט-ברו-
דערישער „העלאו”, אַזאַ אייגענער „שלום עליכם, וואָס מאַכט
מען?” ; אַלעמאָל ריידעוודיק און דאָך ניט באַריידעוודיק ;
אַלעמאָל מיט אַזאַ פרייקייט און גלויביקייט, — אונדזער יובי-
לאַר, אונדזער קולטוריסט, מענדל עלקין!

יעקב לעווין

# דער טועה

אַ גענעראַל, וואָס קאָן, ווען נייטיק, קיין סאָלדאַט ניט זיין, איז קיין גענעראַל ניט! אַ גענעראַל, וואָס נעמט  א י ן  אַ  נ ו י ט  ניט איבער די ביקס און טוט ניט די אַרבעט פון סאָל־דאַט, איז ניט ווערט דעם נאָמען גענעראַל. נאָכמער — ער האָט ניט אין זיך דאָס, וואָס עס מוז האָבן אַ פירער, און זיין פירערשאַפט וועט זיין אומפּרוכטבאַר, אָן רעזולטאַטן.

אַנטקעגן וואָס זאָג איך דאָס?

איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס קומט פאָר ביי אונדז אויף דער אידישער (און באַזונדערס — אויף דער אידישיסטי־שער) גאַס.

מיר זענען אין אַ נויט־צושטאַנד. ניט נאָר האָבן מיר ניט קיין צופיל גענעראַלן אָדער אָפיצערן, נאָר אפילו ניט גענוג סאָלדאַטן צו טאָן די פּשוט׳ע אידישע קולטור־אַרבעט. די, וואָס וואָלטן געקאָנט אויסוואַקסן און אַנטוויקלען זיך ביי אונדז אין אָפיצערן און גענעראַלן, גייען פון אונדז אַוועק אין דער ברייטער וועלט, וואו עס איז פרייערלעכער און וואו עס זענען פאַראַן מער געלעגנהייטן און ברייטערע מעגלעכקייטן צו באַזאָרגן זיך מיט חיונה.

אמת, דאָרטן, אין דעם גרויסן ים, מוז מען שוין זיין אַ גאַנצער לויתן, כדי צו פאַררעכנט ווערן פאַר אַ גרויסן פיש, און ביי אונדז קאָן מען זיין אַ היבש ביסל קלענער ווי אַ וואַלפיש און דאָך אָנזעען זיך און שפּילן אַ ראָליע און פאַרנעמען דעם אָרט פון אַן אָפיצער אָדער אַפילו פון אַ גענעראַל. אָבער צו־זאַמען מיטן העכערן אָרט וועט ביי אונדז ניט אַלעמאָל קומען געניגנדע פרנסה, זיכערע חיונה. און די לעצטע שפּילט נאָך, צום באַדויערן, אַלץ אַ גרויסע ראָליע.

גייט אונדזער אינטעליגענץ אַוועק פון אונדז. האָבן מיר דעריבער זייער ווייניק פירער אויפן געביט פון אידישער קול־

טור. און צוליב דעם דוחק אין פירנדע קרעפטן, האָבן מיר אויך ווייניקער סאָלדאַטן. ערשטנס ווירקט שלעכט דער ביישפיל פון דער אַנטלויפנדיקער אינטעליגענץ. ווען די לעצטע אַנטלויפט, זאָגט זי ניט פשוט דעם אמת, אַז דאָס טוט זי צוליב דעם געשמאַקערן מאַטעריעלן ביסן, וואָס לאָקט זי אַהין. זי שעמט זיך אויסצוזען צו מאַטעריאַליסטיש, און זי פאַרדעקט איר פאַרראַט צו די אידישע מאַסן און צו דער אידישער קולטור מיט אַ פורפור־מאַנטל פון אַסימילאַטאָרישן אידעאַל. און אָפטמאָל ווערט דאָס אַנטלויפן אין דער מחנה פון די שטאַרקערע נאָך באַגלייט מיט אַ גרינגשעצונג צו אַלץ, וואָס איז אידיש, און אפילו מיט אַן אויסלאַכן פון אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט אידישע קולטור. און דאָס אַלץ ווירקט שלעכט אויף דער באַציאונג פון די ברייטע אידישע מאַסן צו זייערע אייגענע קולטור־אוצרות, צו דער אידישער שפּראַך, צו דער אידישער ליטעראַטור און צו די אַנדערע שאַפונגען אויף אידיש.

און ווידער, ווייל עס פאַרבלייבן ווייניק אינטעליגענטע קרעפטן אויף דער אידישער גאַס, ווערט פאַרהעלטניסמעסיק ווייניק געטאָן אַריינצובלאָזן אין דעם ברייטן אידישן עולם מער ב אַ וו אַ ו ס ט ז י נ י ק ע ליבע און אַכטונג צו די אידישע קולטור־ווערטן.

איז וואָס איז אין אַזאַ לאַגע די אויפגאַבע און די פליכטן פון די פאַרבליבענע אידישע קולטור־פירער, קולטור־שאַפער? קאָן אַ אידישער שרייבער אָדער אַן אַנדער קינסטלער זיך באַנוגענען דערמיט, וואָס ער שאַפט שיינע זאַכן, פון וועלכע מ׳קאָן הנאה האָבן?

אונדזערע שרייבער און אַנדערע קינסטלער, וואָס זענען אין טאַלאַנט און שעפערישקייט ניט קלענער, ווי די אומות־העולמ׳דיקע, שטעלן זיך אָפט אַוועק אין דערזעלבער פּאָזיציע, וואָס די לעצטע. זיי האַלטן אויך, אַז פאַר זיי איז גענוג דאָס שאַפן. זיי האַלטן אָפטמאָל אפילו פאַר אַ פחיתת הכבוד, ווען זיי דאַרפן אַראָפּנידערן פון דער הויך פון זייער שאַפן צו גע־זעלשאַפטלעכער טעטיקייט. זיי האַלטן פאַר אַרויסגעוואָרפן די צייט, וואָס דאַרף אַוועק אויף אַזאַ טעטיקייט.

זיי פאַרגעסן בלויז דערביי, אַז אונדזער אידישע קולטורעלע ווירקלעכקייט איז אַזוי אַנדערש פון דער לאַגע ביי די אומות העולם. ערשטנס, האָבן זיי רעגירונגען, וואָס גרינדן און האַלטן אויף די אַלע אינסטיטוציעס, וואָס זענען צייטיק אויפצוהאַלטן און אַנטוויקלען די גייסטיקע קולטור פון פאָלק אויף אַלע געביטן. און צווייטנס, איז ביי אונדז פאַראַן אַ גע־פאַר, אַז די שאַפונגען פון אונדזערע קינסטלער זאָלן בלייבן ליגן ערגעץ אויף אַ פאָליצע און קיינער, פאַר וועמען זיי זענען גע־שאַפן געוואָרן, זאָל זיך מיט זיי ניט באַנוצן.

איז דאָס שאַפן אַליין גענוג אויף צופרידנשטעלן דעם קינסטלער, און ער נייטיקט זיך ניט אין דעם באַוואוסטזיין, אַז מענטשן געניסן פון זיינע ווערק? אויב ווער פון אונדזערע קינסטלער וועט אַזוינס באַהויפטן, וועל איך די באַהויפטונג אָפּוואַרפן און וועל זאָגן, אַז אָדער ער נאַרט זיך אַליין אָדער ער וויל אַנדערע אָפּנאַרן.

די געפאַר, אַז ביי אונדז זאָל מיט דער צייט פאַרשווינדן דער געברויכער פון אידישער קולטור און אַז אונדזערע קינסט־לער זאָלן פאַרבלייבן אַליין איינזאַם, איז אין אַ גרויסער מאָס אַ רעאַלע; און מ׳מוז באַוואוסטזיניק אויפהאַלטן אין די אידישע מאַסן און אין דער אידישער יוגנט די באַדערפעניש אין דעם אידישן וואָרט און אין אידישע קונסט־ווערק. איז ווער וועט עס טאָן, אויב די שעפער אַליין וועלן פון אָט־דער באַוואוסטזי־ניקער קולטור־טעטיקייט זיך אָפּזאָגן און אַנטלויפן?

רעד איך ניט וועגן די, וואָס ליידן פון פוילקייט אָדער מיד־קייט. דאָס איז אַ קראַנקהייט, און קעגן אַ קראַנקהייט קאָן מען ניט אויסזעצן. איך רעד אויך נישט וועגן די, וואָס זייער גאַנצער באַגאַזש באַשטייט בלויז אין זייער ביסל טאַלאַנט צו שאַפן קונסט־ווערק, מאַכט ניט אויס ווי וויכטיק זיי זאָלן ניט זיין, און זענען ניט אומשטאַנד צו זען די קריטישע לאַגע פון דער אידישער קולטור. איך רעד וועגן די, וואָס האָבן נאָך גענוג ענערגיע און אויך גענוג אינטעליגענץ און פייאיקייט אַרומצונעמען אַ סיטואַציע און אָפּצושאַצן אַ לאַגע; וועגן די, וואָס זענען מיט זייער גאַנצן „איך" פאַרבונדן מיט דער אידי־

שער קולטור, וואָס זענען אַליין שוין אַ שטיק אידישע קולטור. זייער גרויסהאַלטן זיך בנוגע טאָן פּשוט'ע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אויפן געביט פון אידישער קולטור, רופט אַרויס אַנ-טוישונג און אפילו פּאַרדראָס. און די, וואָס טוען זיך נאָך אָן אין אַ טאָגע פון פאַרנאַס-איינוואוינער און דערקלערן פאַר אַ טוגנט זייער זינד פון אָפּזאָגן זיך צו העלפן אין דער נויט-ווענדיקער קולטור-טעטיקייט, רופן אַרויס צו זיך שוין גאָר ניט קיין וואַרעמע באַציאונג.

און עס איז דעריבער אַ פרייד צו זען אַ מענטשן, וואָס איז אינטעליגענט גענוג צו זען און פאַרשטיין: וואָס איז צוגעגרייט צו זיין אַן אָפיצער אָדער אַ גענעראַל און איז דאָך ניט גאַדלדיק ביי זיך צו טאָן, ווען נייטיק, אַרבעט פון אַ פּשוט'ן סאָלדאַט.

דאָס איז עלקין דער „טוער", דער אינטעליגענט, וואָס שרייבט אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען, מאַכט פיינע איבערזעצ-צונגען, פירט אויף שיינע פאָרשטעלונגען, פאַרפאַסט שיינע מעשיות און... גייט, שלעפּט פּעק און טוט כל עבודת פּרך פאַר יעדן קולטור-ענין.

דאָס איז דער מענטש, וואָס פאַרדינט דאָס אמת'ע רעכט צו טראָגן אויף זיך דעם נאָמען געגעראַל!

יעקב מעסטל

# מענדל דער אַלזייטיקער

געבוירן אין אַ דאָרף, געקומען צום שכל אַלס וואַלד־אַנגע־שטעלטער, און אויסשטודירט אויף דענטיסט. דאַכט זיך: גאָרנישט קיין „קולטורעלע" לעבנס־סטאַדיומס, ווייל איך ווייס נישט אפילו, צי מענדל עלקין האָט פּראַקטיש אויסגעאיבט די קונסט פון דענטיסטן־קולטור. און דאָך איז ער געוואָרן דער קולטור־מענטש אין פולסטן זין פון וואָרט.

צערטלעכער סענטימענט איז שוין גאָרנישט די מידה פון דענטיסטעריי — און עלקין איז די סענסיטיווע צערטלעכקייט אַליין.

איז זיין וועזן אַן אויסטערלישער יוצא מן הכלל?

צי אפשר גאָר מער די סטיכישע דערשיינונג פון אַ פּראָ־צעס, ווען קערנדיקער פּרימיטיוו קומט אין באַרירונג מיט גע־לייטערטער קולטור?

דאָרפישע אידיליע און וואַלד־חשבונות האָבן אויך ניט קיין שייכות מיט אַן אומרואיקן גייסט — און מענדל עלקין איז אומ־רואיק, ווי נאָר אַ גייסטיקער אומרו קאָן עס זיין.

טראָגט עס אים פון איין אָרט צום צווייטן — פון באָב־רויסק איבער וואַרשע אַזש ביז ניו־יאָרק — און פון איין פּראָ־פעסיע צו דער צווייטער. פאַרלאָזט ער וואַלד און דאָרף און דאָס ענגע שטודיר־צימער, ווערט היינט אַ מיטאַרבעטער אין „טעאַטער אי איסקוסטוואָ" און מאָרגן אַליין אַ רוסישער אַק־טיאָר, דאָ אַן אָנפירער פון אַ קונסט־געזעלשאַפט און באַלד אַליין דער אידישער איבערזעצער, רעזשיסער און שוישפּילער ביי טעאַטער־פאָרשטעלונגען — אָט אַ פּראָפּאַגאַנדיסט און אָט־דער רעדאַקטאָר און פאַרלעגער פון קונסט־זשורנאַלן, דער אָרגאַניזאַטאָר פון טעאַטער־פאָרשטעלונגען, טעאַטער־אַרכיוון און קינסטלערישע אָוונטן; דער פאָרזיצער פון פוליש־אידישן אַרטיסטן־פאַראיין און דער סעקרעטאַר פון ליטעראַטור־געזעל־

שאפטן, דער גרינדער און רעזשיסער פון „אונדזער טעאַטער" און דער דירעקטאָר פון אַ קינדער- און קעמפּ-טעאַטער.

אַזוי ווייט — געזעלשאַפטלעך.

און „פּריוואַט" — דער אומדערמידלעכער זאַמלער פון קונסט-אַנטיקן — מעג עס זיין מאָלעריי, מוזיקאַלישע, טעאַט־ראַלישע אָדער גלאַט קונסט-חפצים.

מענדל — דער עסטעט, דער אַלזייטיקער קולטור-טוער און מאַנער און וועקער — און וואָס נישט?

און דערביי — צי אַלס וואַלד-סוחר, אָדער אַלס שאַפּ־אַרבעטער פון קונסט-שניצערייַ און מאָלערייַ — דער שטענדי־קער מעצענאַט און אייביקער פּאַרערער און ליבהאָבער פון אי־דישע און רוסישע אַקטיאָרן.

„אַ סך מלאכות און ווייניק..."

נישט דאָס איז דער עיקר. אַבי מען קאָן אויפטאָן געזעל־שאַפטלעכע אַרבעט, זיין טעטיק, אָטעמען מיט קינסטלערישער אַטמאָספערע און אָפּט נאָך אַליין מיט ברייטער האַנט געבן די שענסטע ביישטייערונג.

ווייל ג ע ב ן — אַלץ און אַלעמען — אָן אַ שום תביעה „על מנת לקבל פרס", איז מענדל עלקינס לעבן: פאַר שולן אַזוי גוט ווי פאַר טעאַטער און ליטעראַטור, פאַר קינסטלער פּונקט ווי פאַר אייגענע און פרעמדע.

איז נאָר אַ וואונדער, ווי אַזוי זיינע כחות זענען נישט צע־ריבן געוואָרן אין אָט-דער צעדרויבלטער אַלזייטיקייט. וואָרום ווי טיף דאָס זאָל נישט זיין פאַרוואָרצלט אין זיין ברייטער פּער־זענלעכקייט, איז עס פּאָרט דער פּועל יוצא פון אונדזערע אויס־טערלישע אומשטענדן און נישט האַפּטיקער סביבה אונדזערער. ווי אָפּט ווערט ביי אונדז געזייעט אויף פּאָזעטינע — ניטאָ אָפּט קיין אָנהאַלט און קיין האַפּט ביי אונדז. און איז דער גייסט אומרואיק, מוז מען אָפּט זיך וואַרפן פון זאַנג צום קערנדל און ווידער צוריק זיך אַריינגאָגלען אין לייכטהאַפּטיקן וואָרצל. בפרט אין אונדזער אַמעריקע, אין אָט-דער „נייער וועלט", וואָס דרייט אָפּט איבער די פּאָלוסן מיט דער פּיאַטע אַרויף און מיט די פיינסטע קעפּ טיף-טיף אַרונטער...

איז עס טאַקע אָפּט אונדזער קללה — אַמאָל אָבער אויך (ווי אין פאַל עלקין) אונדזער ברכה.

איז עס אפשר נאָר דעם גליקלעכן צופאַל צו פאַרדאַנקען, וואָס אַזאַ צאַרטער גייסט ווי מענדלס, איז דאָ ניט געשטרויכלט און צעמאָלן געוואָרן נאָך אַזוי פיל שווערע נסיונות.

בלויז אַ צופאַל?

אפשר פונקט פאַרקערט. וואָרום גראָד אין אונדזער האַמאָטנעם אַמעריקאַנער ווירוואַר „סטאַביליזירט" מענדל זיינע כחות און צעוויקלט זיין ענערגיע, שאַפנדיק אַ מוסטער פאַר עקספּערימענטן אין „אונדזער טעאַטער", אַ מאָדערן־געשולטן קינדער־טעאַטרל און דערציט אין זיין טעאַטער־געזעלשאַפט־סטודיע אַ היבשע צאָל אַביטוריענטן, וועלכע צייכנען שטילע אָבער פאַרפונדעוועטע שפורן אויף דער אידישער טעאַטער־גאַס. שטאַמט אפילו אַ היבשע צאָל אַרטעף־שפילער פון זיין אַמאָליקער דראַמסטודיע.

און ביי דעם אַלעם געפינט ער נאָך צייט אָנצושרייבן, באַאַרבעטן און אויפפירן קינדער־פּיעסן („דער גליקלעכער פרינץ", „בום און דריידל", „מאָטל טרעמפּ"), צו זאָרגן פאַר אַ רעפּערטואַר אין אידישן טעאַטער (צווייטער אַקט צו אַנסקים „טאָג און נאַכט", איבערזעצונגען פון נאָרדויס „דאָקטאָר קאָן" און שאָוס „קאַנדידאַ", אַ דראַמאַטיזאַציע פון דאָסטאָיעווסקים „אידיאָט" א. א.), רעדאַגירט זאַמלביכער און דעם פיינעם טעאַטער־זשורנאַל „טעאַליט", שרייבט פּאָעמעס, עסייען און קריטיקן — און נאָך און נאָך. אפילו ווען ער פאָרט אין די אינטערעסן פון אַ „וואַלד־קאָנצעסיע" (1915), ליגן אים מסתמא זיינע מסחרים אין דער לינקער פאה — דערפאַר אָבער שענקט ער אונדז איינס פון די וואונדערלעכסטע ביכער אין אידיש, זיינע „קאַיבאַלער סטעפּעס".

ווען מענדל דעם פריינט, דעם חבר, דעם געזעלשאַפטלעכן „דזשענטלמען" איז איבריק צו רעדן דאָס דערפילט יעדער אייגער שוין באַלד ביים ערשטן באַגעגענען זיך מיט אים. תמיד עלעגאַנט, מיט דעם פריינדלעכסטן שמייכל אַ גרייטער צו פאַרברענגען מיט אייך אין אַ געמיטלעכער פּלוידעריי, איז אויך

זיין שטוב, אונטער דער צערטלעכסטער אויפזיכט פון זיין חבר'טע, דאָס וואַרמסטע ווינקל פאַר „היימישע" — ממש אַ מוסטער פון אַמאָליקן קינסטלער־סאַלאָן, וואו עס הערשט אָפּט די שטילע רחבות פון אַ פאַנטעאָן און אָפּט די קאָכנדיקע אַטמאָספערע פון היציקע דעבאַטעס —

און איבער אַלע און אַלץ הערשט, שאַפט און ווירקט דער ריטער פון קולטור, דער וואָרער גייסטיקער אַריסטאָקראַט מיט זיין וואונדערלעכער אַלזייטיקייט — מענדל עלקין.

ס. קאָוונער־גראָדסקי

# דאָס איז געווען אמאָל

**[אַ פּאָר שטריכן צו אַ פּאָרטרעט פון מענדל עלקין צו זיין זעכציק יאָריקן יובילייַ].**

איך געדענק מענדל עלקין זינט איך בין אַלט געווען אַ יאָר זיבן־אַכט. אַזוי ווי מיר זענען „שטיקלעך קרובים" (איך האָב זיך דאָס אויסגערעדט אומגערן), איז מיר אָפּט אויסגעקו־מען צו טרעפן זיך מיט אים ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן.

---

דעם ערשטן מאָל, וואָס איך געדענק אים איז געווען צו אַ חתונה. אַ צונויפגעפּאָרענע התונה אויף אַ סטאַנציע. די חתן־כלה, די מחותנים זענען געווען עפּעס אויפן הינטערשטן פלאַן. דער הויפּט־מחותן איז געווען מענדל עלקין.

דריי „נאַטשאַלניקעס סטאַנציע" און אַ „מיראָוואָי סודיאַ" זענען געווען געסט, און אַלע זענען זיי געווען פאַרליבט אין אים, האָבן געטרונקן מיט אים „לחיים" און געטאַנצט אַ קאַזאַטשקע.

מיר אָבער האָט ער אויסגעקוקט זייער מאָדנע, ווי עפּעס אַן אויסטערלישער וועזן: איך האָב צום ערשטן מאָל געזען אַ מאַן אָן אַ באָרד און אָן וואָנצעס.

עס איז געווען אַ זומערדיקער טאָג אין באָברויסק (איך האָב דאָרט געלערנט אין חדר). אויף מיינע פּלייצעס איז גע־לעגן אַ חוב, „אָפּצוגעבן אַ וויזיט" דעם קרוב, דעם דאָקטאָר.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך גאָר קיין חשק ניט געהאַט דאָס צו טאָן. ממש אַ באַרג אויפן קאָפּ; אָבער פון דער היים האָט מען געהייסן, און איך האָב געמוזט פאָלגן. איך זאָג, מען האָט געהייסן, זיי איז גרינג געווען צו הייסן אָבער איך... גיי, ווייס ווי מען דאַרף רעדן מיט אַ דאָקטאָר. מיט „גלאַט אַזוי" אַ מענטשן איז עפּעס אַנדערש, אָבער אַ דאָקטאָר...

אַ קעלט האָט מיך דורכגענומען ווען איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אָבער, פאַרפאַלן: מען מוז, און איך גיי.

אַט בין איך שוין דורכגעגאַנגען אַ שטילע גאַס און שטיי ביי אַ ווייס-געפאַרבטע הויז מיט בוימעלעך אַרום. אויפן הויז אַ שילד: „מ. עלקין — זובנאָי וראַטש". איך בין שוין גאַט צו דאַנקען אינעווייניק און בלייב שטיין ביים טיר.

איך שטאַמל אַרויס צו דער דינסט, ווער איך בין. און אַט קומט אַרויס מענדל עלקין מיט אַ ברייטן שלום עליכם, מיט אַ פאַטש אין פלייצע און מיט אַ וואַרעמקייט, וואָס נעמט מיך דורך. אין אַ מינוט אַרום פיל איך זיך שוין גאָר, גאָר היימיש.

איך האָב דאָרט פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה, אָבער אַוועק בין איך פון דאָרט עפּעס אַ אַנטוישטער: וואָס איז דאָס פאַר אַ דאָקטאָר, רעדט פּראָסט אידיש ווי אַ געוויינטלעכער מענטש, האַלט זיך אַזוי פּראָסט ווי אַ געוויינטלעכער מענטש, און מאַכט „נאַרישע" שטיק מיט אַ קליין קינד, וואָס ער האַלט אויף די הענט. אמת, „עסינקאַ" איז טאַקע אַ זייער וואויל קינד, איך האָב זיך מיט איר אויך געשפּילט — נו, בין איך דאָך אַ קליין אינגל, אָבער וואָס פאַר אַ פּנים האָט דאָס פאַר אַ „גרויסן" מענטשן; אַט לייגט ער זיך אַוועק אויפן דיל און זעצט אַוועק דאָס קינד אויף זיך רייטנדיק, ער איז דאָס פערדל, הייסט עס.

האָט איר געהערט אַזוינס?

אַ דערוואַקסענער מענטש, אַ דאָקטאָר און אַ טאַטע, זאָל זיך אַזוי נאַריש מאַכן!

ביי אונדז אַ דאָקטאָר איז טאַקע אַ דאָקטאָר. אַט נעמט — מאַזורקעוויטש: זיינע וואָנצעס זענען אפשר די לענגסטע אויף דער וועלט, רעדט נאָר רוסיש, און אַ רוסיש, אַז פּראָסטע מענטשן זאָלן אים ניט פאַרשטיין, לייגט זעקס שטיקלעך צוקער אין גלאָז טיי, טראָגט דריי פינגערלעך אויף די הענט און אויפן נאָזבלישטשענדיקע גאָלדענע „פענסנע".

אַט דאָס איז אַ דאָקטאָר!

דערפאַר האָט שוין די פּרווי פון אונדזער דאָקטאָר געמאַכט אויף מיר אַ „שטאַרקערן" איינדרוק. זי האָט אויך געענדיקט

ציין־דאָקטאָריע און האַלט זיך טאַקע „וואַזשנע". זי איז הויך, שלאַנק, גייט פּאַמעלעך, מיט ווירדע און איז זייער „סעריאָזנע", טוט אפילו ניט קיין שמייכל, אָט ווי אַ דאָקטאָרשע דאַרף זיך האַלטן.

---

יאָרן שפּעטער. איינמאָל, ווינטער־צייט, האָב איך מיר גע־האַט אַ „פּערעסיאַדקע" אויף דער סטאַנציע זשלאַבין. דערווייל איז אָנגעקומען דער „קוריערנאַ־פּאַזסאַזשירסקי פּאָיעזד". איך זע — פון ערשטן קלאַס קומט אַרויס מענדל עלקין אין אַ ברייטן טכוירענעם פוטער מיט אַ „פּעליערינע" און אַ פוטער־נער הויכער קוטשמע. ער שפּאַצירט דורך אַזוי וואַזשנע עט־לעכע מאָל די סטאַנציע. מענטשן באַגריסן אים, נעמען אַראָפּ די היטלען. דער נאַטשאַלניק סטאַנציע „אַליין" האָט צוגע־לייגט די האַנט צום „קאָזיריאָק" און גייט צו צו אים ריידן. דער „פּאָיעזד" דאַרף זיך רירן, אָבער איך האָב באַשיינפּערלעך געזען, ווי דער נאַטשאַלניק פאַרהאַלט אים און רעדט מיט עלקינען. דערנאָך פירט ער אים צו צום וואַגאָן און ווען עלקין איז אַרויף אויפן טרעפּל, ערשט דאַן טוט דער נאַטשאַלניק אַמאַך מיט דער האַנט און דער „פּאָיעזד" רירט זיך.

עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק. איך האָב געהערט, אַז ער איז געוואָרן אַ וואַלד־סוחר, אַ גרויסער נגיד, אָבער דאָס איז מער ווי איך האָב זיך געקענט פאָרשטעלן.

אפילו שפּיטקאָוו אַליין, דער מעכטיקער פּריץ, איז ניט גע־ווען מער אין מיינע אויגן ווי מענדל עלקין.

ס'פאַרשטייט זיך, איך בין געשטאַנען אָן אַ זייט, זיך ניט דערקענט צו מיין וואַזשנעם קרוב, ניט געוואָלט אים פאַר־שעמען.

ערשט דאָ אין אַמעריקע בין איך אים געוואָרן אוים קרוב, נאָר איינער פון די פיל פריינט, וואָס קוקן נאָך מיט באַגייסטע־רונג אַף דעם אונדערמידלעכן קולטור־טוער—דעם אייביק יונגן מענדל עלקין.

ה. עהרענרייך

# אַ פּאָר ווערטער

אין דעם באַגרענצטן שטח, וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרן פאַר די דאָזיקע עטלעכע ווערטער (און איך בין זייער דאַנקבאַר דעם קאָמיטעט פאַר דער זכיה) וועל איך ניט שרייבן מ י י ן אָפּשאַצונג וועגן עלקינען דעם שריפטשטעלער, דעם רעזשיסאָר, דעם קולטור-טוער. דאָס וועלן דאָך מסתמא טאָן אַנדערע, וואָס זענען פאַר דעם מער צוגעפּאַסט — ווייל טיפער אינטים און לענגער מיט אים באַקאַנט. איך וויל בלויז ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט רעגיסטרירן אייניקע איינדרוקן, וואָס איך האָב פון עלקינען. פיליכט וועט עס אויך העלפן צו באַלייכטן נאָך שאַרפער זיין פערזענלעכקייט.

מיר, מענדל עלקין און איך, האָבן זיך זייער אָפט געטראָפן אין „אונדזער טעאַטער". מיר האָבן געאַרבעט צוזאַמען אייניקע חדשים. דאָס זענען געווען ש ו ו ע ר ע חדשים. אמת, פון צייט צו צייט בענקט זיך נאָך יענע„שווערע חדשים", אָבער שווער, פול מיט יסורים און עגמת נפש זענען זיי געווען.

פון יענער צייט לויכט מיר אויך איצט אַרויס מענדל עלקין. איך האָב דאָרטן אין אים דערקענט, דערזען אַ מענטשן מיט טיפער פאַרשטענדניש און אַ טיף אַנטוויקלטן חוש פאַר טעאַטער, אַ מענטשן מיט אַ גרויסן באַגאַזש פון ריינער טעאַטער-קולטור. איך האָב אין אים דערזען, ניט נאָר סתם אַ קולטור-מענטש, נאָר אַ א י ד י ש ן קולטור-מענטש, וועמען עס גייט אין לעבן די אידישע קולטור, דאָס אידיש לעבן.

מענדל עלקין איז געווען זייער אַ דערפאָלגרייכער געשעפטס-מענטש, געפירט גאָר גרויסע געשעפטן און איז געווען רייך. איך קען זיך פאָרשטעלן עלקינען אַלס זייער אַ רייכן מענטשן, אָבער איך קען זי ניט פאָרשטעלן אים אַלס אַ געשעפטס-מאַן. ווי קומט ער, דער קינסטלער דורך און דורך,

זיך צו פאַרנעמען מיט געשעפטן, הויב איך ניט אָן צו פאַר־שטיין.

ע ל ק י ן איז ש ט ע נ ד י ק קינסטלער. זיין קינסט־לערישע נאַטור, זיין „איך", וואָס איז אָנגעפילט מיט קינסטלע־רישקייט, איז שטענדיק יום־טוב׳דיק, אפילו אין די ביטערסטע און אומעטיקסטע מאָמענטן. ווען עלקין וואָלט קיינמאָל גאָר־נישט ניט געשריבן און וואָלט קיינמאָל גאָרנישט ניט אויפגעפירט אין טעאַטער, וואָלט ער אַלץ געווען אַ קינסטלער, לויט זיין גאַנצן וועזן, וואָס איז אויסגעפילט און אָנגעפילט מיט אַ ים עסטעטיק.

עס איז אונדזער שולד, די שולד פון דער אידישער גע־זעלשאַפטלעכקייט, די שולד פון דער אידישער עפנטלעכקייט, וואָס מיר האָבן ניט קיין קינדער־טעאַטער, וואו עלקין וואָלט געקאָנט עפענען אַזוי פיל קוואַלן פון עסטעטישער פרייד פאַר צענדליקע טויזנטער אידישע קינדער און דערוואַקסענע.

זייער אָפט איז מיר אויסגעקומען פאַר די לעצטע 10—12 יאָר זיך צו טרעפן מיטן חבר עלקינען ביי פאַרשיידענע גע־געזעלשאַפטלעכע־ און קולטור־אונטערנעמונגען אין אונדזער אידישן לעבן אין אַמעריקע. און די איינדרוקן וואָס איך האָב דאָ פאַרצייכנט, זענען פאַר דער צייט ניט בלאַסער געוואָרן. וואָס אָפטער איך טרעף אים, אַלץ מער ווער איך אויסגעפילט מיט אַכטונג צו דעם דאָזיקן ליכטיקן מענטשן.

עלקין איז אַ פרינציפּיעלער מענטש, און איך האָב אים גע־זען אין געוויסע מאָמענטן, ווען ביי אים איז רעכט געווען אַז „יקוב הדין את ההר", און דאָך וויפיל אײדעלע טאָלעראַנץ ער באַזיצט און וויפיל פאַרשטענדעניש פאַר דעם צווייטנס געפילן און וויפיל אַכטונג פאַר יענעמס איבערצייגונגען!

איך ווינטש עלקינען נאָך אַ סך יאָרן, און זאָל ער זיין וואָס ער איז איצט — דער ריינער מענטש, פול מיט חלומות און גלויבן. זאָל ער גאָר אין קורצן האָבן אַ בינע, וואו אָפּצורעכטן טעאַטער־דינסט און זאָל ער דערלעבן צו זען ווי די וועלט ווערט שענער, ליכטיקער, אַ ל ע מענטשן און אויך די אידישע מענטשן ווערן ליכטיקער, שענער. אין זיין צייט נאָך זאָל שיינ־קייט און קונסט באַזיגן און באַהערשן די וועלט.

פרץ הירשביין

# בלומען און דערנער

**(אַביסל זכרונות לכבוד מענדל עלקינס זעכציק יאָר).**

1

מיט דרייסיק יאָר צוריק האָב איך דערהאַלטן אַ בריוול פון אַ מענטשן מיטן נאָמען מענדל עלקין. ער איז געווען אין קיעוו, און איך — אין אָדעס. ער האָט ביי מיר געבעטן אַ פּיעסע פאַר אַ אידישער טרופּע, וואו ער איז געווען רעזשיסאָר.

ס'איז געווען אין דער צייט, ווען בלומען און דערנער האָבן זיך באַוויזן אויף אונדזער מיט פריען־פרילינג באַשיינטער גאַס. די דערנער האָבן גובר געווען. מענדל עלקינס אונטערנעמונג, וואָס האָט געמיינט די גרינדונג פון אַ בעסערן אידישן טעאַטער, האָבן די דערנער צעשטערט.

דערווייל איז געגרינדעט געוואָרן אויף דער אידישער גאַס, ניט אין קיעוו, נאָר אין אָדעס — די „הירשביין טרופּע". זי איז אויך אַוועק אויף דעם וועג, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן פּאָליציייאישע דערנער און געזעלשאַפטלעכע בלימלעך. און ווען איך בין אין פרילינג צענטן יאָר, נאָך אָנדערהאַלבן יאָר שפּילן טעאַטער אין דרום רוסלאַנד, געקומען מיט דער „הירשביין טרופּע" שפּילן אין וואַרשע, אין דעם „מוראַנאַווער" באַלאַגאַן, איז צווישן די אין דער אידישער גאַס, וואָס האָבן דער „הירש־ביין טרופּע" בלומען דערלאַנגט, געווען מענדל עלקין. ער איז ספּעציעל געקומען פון באָברויסק, זיין דאַמאָלסדיקער היים, צו באַקענען זיך נענטער מיט די יונגע בויער פון אַ בעסערן טעאַטער.

מענדל האָט שוין יעמאָלט געהאַט פאַרענדיקט מיט זיין צאָן־דאָקטאָר קאַריערע; ער איז יעמאָלט געווען אַ „וואַלד־מענטש". טויזנטער און צענדליקע טויזנטערביימער זענען אַדורך פאַר זיין בליק. טויזנטער און צענדליקער טויזנטער

ביימער האָט ער אָפּגעקליבן אין די ווייסרוסישע, קיל־פּאַר־שאָטנטע וועלדער. מיט אַ פּאַריסענעם קאָפּ האָט מענדל גע־שפּאַנט צווישן ביימער, אויף וואָס פאַר אַ בוים ער האָט מיטן שאַרף העקעלע זיין צייכן איינגעקאַרבט, איז פאַר׳משפט גע־וואָרן אויסגעהאַקט צו ווערן.

צוליב דעם האָט מיר מענדל עלקין ביי דער ערשטער באַ־געגעניש אויסגעזען אַזאַ גלייכער, שלאַנקער, מיט אַ פּאַריסע־נעם קאָפּ — אַ יונגע יאָדלע. ער איז יעמאָלט קינדיש יונג גע־ווען. ער האָט מער אמונה פון מיר געהאַט אין די „פּלעקער" וואָס מיר האָבן שוין יעמאָלט געשלאָגן אין וואַסער אַריין, און די גרונט־שטיינער, וואָס מיר האָבן אין זינק־זאַמד אַריינגע־גראָבן, און געגלויבט, אַז מיר לייגן דעם יסוד פאַר אַ קולטורעלן בנין עדי־עד.

2

יענעם זומער האָט די „הירשביין טרופּע" אויך געשפּילט אַ גאַנצן חודש אין באָברויסק. אין וואַרשע — איינגאַנצן צען פאָרשטעלונגען; אָבער אין באָברויסק — גאַנצע דרייסיק! דערפאַר, וואָס אין באָברויסק האָט יעמאָלט געלעבט מענדל עלקין. אין באָברויסק האָב איך דערקענט, אַז מענדל עלקין איז ניט קיין וואַלד־סוחר. ער איז אַקטיאָר, רעזשיסאָר, כלל־טוער און ווערט אַליין דערטרונקען אין יוגנטלעכן גלויבן.

איך האָב אָנגענומען די איינלאַדונג צו וואוינען ביי די עלקינס. די אשת חיל רבקה עלקין האָט געהאַלטן אַלע טירן אָפן פאַר אורחים. צוליב איר זכות האָט די היים געלויכטן אינעווייניק. הינטערן שטוב איז געווען אַ בלומען־גאַרטן. מענדלס שוואַכקייט. אַ קליין טעכטערל אסתר, אַ בת יחידה, איז צווישן די בלומען אומגעלאָפן. יענעם זומער האָט אין דווינסק די „הירשביין־טרופּע" צום לעצטן מאָל געשפּילט. נאָכ־דעם ווי די אַקטריסעס און אַקטיאָרן האָבן באַוויינט די צע־פאַלענע טרופּע, ווי מען באַוויינט דעם טויט פון אייגן פלייש און בלוט, ביז איך בין צוריק אַוועק קיין באָברויסק צו די עלקינס און געהאָלפן באַגיסן די בלומען הינטער מיין גאַסט־

פריינטלעכער היים, אויסגעיעט די ווילדע גראָזן, וואָס האָבן זיך באַוויזן צווישן די בלומען־בייטן.

כאָטש דער פראַנצויז זאָגט, אַז „אַ בלומענוועג דערפירט ניט צום געווינשטן דערפאָלג", זאָגט אָבער אויך דער פראַנצויז: „יעדע זאַך איז פונקט אַזויפיל ווערט, וויפיל מיר ווילן ס'זאָל ווערט זיין..." און, דער וואָס פאַרלאַנגט צופיל, קען חלילה אַמאָל טאַקע קריגן צופיל". די פראַנצויזישע פאָלקס־חכמה האָט זיך צוגעפאַסט יעמאָלט פאַר עלקינס און מיין געמיט. וואָרום, ווי בויט מען טאַקע מיט די הוילע הענט אַ בעסערן טעאַטער? און אַז מ'האָט אים שוין אויסגעבויט — ווי אַזוי לאָזט מען אים פאַלן? אָבער ס'איז יעמאָלט גרינגער געווען, און מיט ווינציקער געפאַר, אויפצופאַסן אויף בלומען, ווילדגראָז זאָל זיי ניט אויפפרעסן. אויב מ'האָט געוואָלט — איז עס געווען וויכטיק.

זאָגט מענדל:

— כ'רעכן, פרץ, מ'דאַרף די הענט ניט אַראָפּלאָזן. לאָמיר גיין אין געשעפט, אָננעמען אַ דינעם לייוונט און נייען פאַר זיך נאַכטהעמדער.

אויף מיין בחור'שן לעבנסוועג האָב איך פון מאָל־צו־מאָל איינגעניייט אַ קנעפּל, פאַרצערעוועט אַ זאָק. אַ תורה, וואָס כ'האָב מיר דערוואָרבן אין די קלויזניקשע טעג. אָבער נייען נאַכטהעמדער?

— וואָס האָסטו מורא, דו קענסט נישט? איך קען אויך נישט.

דעם אייגענעם טאָג זענען מיר ביידע געוואָרן לייטישע שניידער. על־פי שכל צוגעשניטן העמדער, געסטריגעוועט, אויסגענייט לעכלעך, געפּרעסט, און די אייגענע נאַכט איז דער מאַמין מענדל עלקין און זיין געשטרויכלטער טעאַטער דירעקטאָר געשלאָפן אין נייע, לאַנגע נאַכטהעמדער.

ווען א. ווייטער איז אָנגעקומען און זיך דערוואוסט אויף וואָס פאַר אַן אופן קאַפּיטאַנען קענען לינדערן דעם עגמת נפש אין צייט פון אַ שיפברוך, האָט ער אונדז ביידן שטאַרק מקנא געווען.

מענדל עלקין האָט יעמאָלט געשפּילט וועלאַנטשעל און פלייט. די בלומען הינטער דעם גאַסטפּריינדלעכן הויז האָבן זיך צוגעהערט צו דער פלייט. מענדל עלקין האָט אָבער אויך ניט אָפּגעלאָזן די פּלענער — ווי אַזוי מ׳זאָל אין אונדזער אידישן דערנערפעלד אויפשטעלן אַ געצעלט פאַר אַ בעסערן טעאַטער. מ׳האָט נאָך דעם אייגענעם זומער אין באָברויסק גופא, אויפגעפירט אַ אידישע פּיעסע, וואו מענדל עלקין האָט די פּיעסע אויפגעפירט און אַליין געשפּילט די הויפּטראָל.

איך געדענק גוט: אין די נייע נאַכטהעמדער האָט זיך יעמאָלט שלעכט געשלאָפן.

3

אוי, די נאַטור! טרייבט זי דורכן טיר — קריכט זי דורכן פענצטער... ס׳איז געווען אַ טשיקאַווער דער ווינטער ניינצן צען־עלף. דער וואַלד וואָס מענדל עלקין האָט אָנהייב זומער פאַר׳משפּט, איז שוין געלעגן אַן אויסגעהאַקטער. הונדערטער פויערים האָבן די קלעצער געשלעפּט צום דנעפּער וואָס ביי בי־כאָוו, מאָלעווער גובערניע. אין פריען־פרילינג האָט מענדל עלקין פאַר מיר אויסגעבויט אויף די פּליטן אַ שטיבעלע, האָט מיך דאָרטן באַזעצט, און אַוועקגעלאָזט מיטן וואַסער קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, ביז צו די פּאָראָגן. זעקס וואָכן האָט יענע „וועלט־נסיעה" געדויערט. כ׳שטייג אויס אין יעקאַטערינאָס־לאַוו און — מענדל עלקין קומט מיר אַנטקעגן! איך דערצייל אים פון דנעפּער, פון פּליטן, פון סאַלאַוויי, וואָס האָט אַזוי גע־טרילערט אין די באַגינענס און פאַרנאַכטן אין די וועלדער אַרום קיעוו. מענדל רעדט פון טעאַטער, ליטעראַטור, און — ס׳איז גאָרניט אַזוי שלעכט ווי איך מיין. זאָל מען נאָר באַ־זאָרגן דאָס געהילץ — וועט מען זיך ווידער נעמען פאַר טע־אַטער.

איך קוק אים אָן: איך בין דער „וואַלד־מענטש"; און מענדל — ווי ער וואָלט געקומען פון אַ טעאַטער רעפּעטיציע.

געוויס, ס׳איז יעמאָלט געווען אויף וואָס צו בויען האָפ־נונגען אויב מ׳וואָלט געוואָלט. די פּאָליטישע רעאַקציע האָט

געשטיקט יעדן פרייען גייסט; אידישע אינטעליגענץ איז אויף אַלע פיר געקראָכן דער רוסיפיקאַציע אַנטקעגן; די ברייטע מאַסן זענען ניט געווען בכח אַרויסצוטראָגן אַ בעסער אידיש טעאַטער אויף די פאַרהאָרעוועטע פּלייצעס. ס'איז אָבער פּאָרט געווען די צייט וואָס אין „טאָל" האָבן זיך טרוקענע ביינער באַקליידט מיט נערוועז, אָדערן, פלייש און הויט; אין די אָדערן וואָרים בלוט. די ליטעראַטור איז געווען אין רעכטן בלי. די קלאַסיקער האָבן מיט גאָר פרישע כחות זיך פאַרנומען באַרג־אַרויף. און די יונגע? ווער איז דען יעמאָלט ניט יונג גע־ווען? דער איצטיקער דור קלאַסיקער האָט זיך יעמאָלט נאָך אומגעטראָגן אויף די פליגל פון ווינט. איצטיקע בעלי־ששים —יעמאָלט נאָך פּיזשיקעס פאַרשייטע. ס'אידיש בוך האָט נאָך אַ היים געהאַט. ביי מענדלען, ווי ביי מיר, איז יעמאָלט גע־ווען דער נאַטירלעכער ווילן צו שאַפן אַ בעסער טעאַטער. כאָטש דערווייל האָט אַמעריקע צו אונדז אַריבערגעשיקט יעקב גאָרדאָנס רעפּערטואַר, און מיט דעם — די גאַנצע שונד־און שאַנד פאַרפלייצעניש. האָבן דאָך אָבער פּאָרט י. ל. פּרץ, שלום עליכם, און מיט זיי אַ יונגער דור דראַמאַטורגן, געשריבן, ווי מ'האָט עס גערופן, ליטעראַרישע פּיעסן. דוד פּינסקי איז נאָך יעמאָלט געווען אַ חתן־בחור. די פרילינג־שטראָמען האָבן געריסן ביי די פּאָלעס. די פרילינג־שטראָמען האָבן געפּלייצט איבער די ברעגעס. אידישער רענעסאַנס. פּאָלקסגייסט כאַפּט אונטער אויף זיינע פליגל און באַוווייזט אַלע אונדזערע מחנות.

— נו, וואָס, מענדל, ווען מיר אַמאָל האָבן אַ טעאַטער וואָס זאָל ניט פאַרשעמען אונדזער ליטעראַטור?

— ווען נאָר די בעסערע כחות זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען.

4

מיר אַליין איז שווער געווען צו בלייבן אויף מיינע איי־גענע חורבות, הייַנט איז שוין פאַראַן אַ „יונג ווילנע". יעמאָלט איז ווילנע, וואו כ'האָב זיך ווידער געפּרואווט באַזעצן, געווען אין מיינע אויגן שטאַרק געעלטערט. פון ווילנע האָט מען גע־קענט אַריבערקוקן קיין וואַרשע. צווישן ווילנע און וואַרשע —

אַ פּוסטער חלל. כ'האָב געהאַט ס'געפיל, אַז אין ווילנע הענגט ערגעץ מיין וויג. כ'בין דאָך אַזויפיל מאָל געלאָפן פון אָרט, וואו אין מיין לערער וויג וויגט זיך ס'אַלטע לידל: „איילעלולו, שלאָף מיין קינד, דער טאַטע איז געפאָרן האַנדלען ראָזשינקעס מיט מאַנדלען..." כסדר איז אונדזער פאָטער אין הימל געפאָרן האַנדלען און געלאָזן זיין בן־זקונים'ל פאָלק ישראל זאָל פון וויג אַרויספאַלן.

ס'איז קיין חידוש ניט וואָס דעם אייגענעם יאָר בין איך אַוועק קיין אַמעריקע.

י. ל. פּרץ ביים געזעגענען זיך האָט אַ זאָג געטאָן:

— פּאָרט, פּאָרט, אָבער זיצט דאָרטן נישט לאַנג. אַמעריקע וועלן אַמעריקאַנער בויען אָן אייך. אַז איר וועט קומען צוריק, ט'איר זיך באַזעצן אין וואַרשע. מ'וועט בויען אַ בעסער אידיש טעאַטער.

אַמעריקע האָב איך טאַקע געלאָזן, אַמעריקאַנער זאָלן עס בויען. מער ווי זעכצן חדשים האָב איך מיר ניט פאַרגונען אין יענע יאָרן הנאה צו האָבן פון אַ גאַס, וואו יעדערער מעג טאָן וואָס ער וויל. פון ניו־יאָרק בין איך פאַרפאָרן קיין וואַרשע. געקומען אָפּגעבן י. ל. פּרצן דעם גרוס פון אַמעריקע, און אויסגעפונען, אַז י. ל. פּרץ האָט זיך אַרויסגעצויגן פון דער דירה, וואו ער האָט אָפּגעלעבט די בעסטע יאָרן. און כאָטש ער האָט זיך אַריינגעצויגן אין אַ שענערער, גראַמערער און ליכטיקערער דירה — איז אים טרויעריק אויפן האַרצן. און אַז י. ל. פּרצ'ן איז טרויעריק אין וואַרשע — בין איך שוין אַוועק קיין ווילנע.

כאָטש די אידישיסטישע ווילנע איז יעמאָלט באַנייט געוואָרן מיט דעם קלעצקין־פאַרלאַג און מיט אַ גרויסן חודש־זשורנאַל, און כאָטש אין ווילנע האָבן זיך צוליב דעם אויפגעהאַלטן אַ גאַנצער דור שריפטשטעלער — איז מיר נאָך אַלץ געווען ווי איך וואָלט מיר אומגעקערט צוריק אויף מיינע אייגענע חורבות. אַ צולאָג צו מיינע שטימונגען — האָט מען מיר פון חודש־זשורנאַל צוריקגעוויזן מיין „פּוסטע קרעטשמע" — —

נעמט אין איין ליכטיקן פרימאָרגן מענדל עלקין און

פאַלט אַראָפּ אין ווילנע! דער אייגענער בעל־חלומות. אויף אַ האָר ניט געעלטערט. וואָס מיר אַמעריקע — אויב דאָ גייט אויף די זון אַלע טאָג!

— קום קיין באָברויסק, וועסט זען וואָס פאַר אַ בלומען הינטער דיין היים.

— מיין היים?

— אַז דו וועסט קומען, וועט עס זיין דיין היים. רבקה קוקט אוים די אויגן.

— וואָס מיר היים, ווען מיר היים? אין נייעם פאַרלאַג האָב איך ניט קיין היים.

— נאַרישקייטן, לאָז מיר ווערן דיין פאַרלעגער.

— גייסט ווערן אַ פאַרלעגער?

— כ'וויל דיר אָנטאָן אַ נחת רוח.

ס'איז געווען מער ווי אַ נחת רוח. „מענטש, וואו דיינע פריינט — דאָרט איז דיין פאָטערלאַנד". ס'איז אויך פאָלקס־חכמה.

זענען טאַקע יענעם זומער נייגצן דרייצן אַרוים פון דרוק „מיין בוך", אַ זאַמלונג לידער אין פּראָזע; און די „פּוסטע קרעטשמע", וואָס כ'האָב אָנגעשריבן אין אַמעריקע. אַרויסגע־געבן האָט עס פאַרלאַג „מנחם". מענדל עלקין, וואָס איז קיינ־מאָל קיין פאַרלעגער ניט געוואָרן, איז געווען דער פאַרלעגער.

4

מיט צען יאָר שפּעטער, שוין אַמעריקאַנער בירגער, בין איך אָנגעקומען קיין וואַרשע. דאָרטן האָב איך ווידער באַ־געגנט מענדל עלקינען. איך — פון אַ רייזע איבער אויסטראַ־ליע און דרום־אַפריקע, און ער — דורך מלחמה, רעוואָלוציע, בירגערקריג, הונגער, ביז צום ראַנד פון גרויסע האָפנונגען. ער איז געווען דער פאָרזיצער פון פוילישע־אידישע אַקטיאָרן פאַריין. מענדל איז ניט געווען מער די „יונגע יאָדלע", ווי איך האָב אים ס'ערשטע מאָל באַגעגנט. אַ געבויגענער, אָבער ניט קיין צובראָכענער. אויפן פּנים איינגעקאַרבט צייכנס פון שווערע טעג און יאָרן. אין די אויגן אַ טראָפּעלע יאוש, אָבער

מיט אַ פאַרלאַנג צו בויען קולטורעלע ווערטן. מענדל איז גע־
ווען אַ באַלאַדענער מיט דערפאַרונג. האָט טעאַטער געבויט,
טעאַטער געשפּילט, געשריבן און רעזשירט.

— בלומען ? צי איך גיב זיך אָפּ מיט בלומען ? אודאי.
אָבער דערנער קריג איך מער ווי בלומען.

הירשביין —18—

די וועלט־מלחמה און די סאָציאַלע רעוואָלוציע. אַלטע
גרעניצן זענען אָפּגעווישט געוואָרן. נייע גרעניצן זענען אין
איילעניש אויפגעקומען. צווישן די גרעניצן — ניי־אויפגעקו־
מענע קליינע און קלענערע פעלקער, און מיר — צעברעקלט
צווישן גרעניצן. ועל כולם — דער סאָוועטנפאַרבאַנד. ס'איינ־
ציקע פּלאַץ אוואו אַ איד וועט אַמאָל קענען לעבן, אָבער דער־
ווייל — — —

איך האָב מענדלען פאָרגעשלאָגן צו פאָרן קיין אַמעריקע.
כ'האָב אים קיין בלומען ניט צוגעזאָגט. אָבער פון צופיל דער־
נער האָב איך אויך ניט דערמאָנט. אַרט עס מיר ניט. ער,
פונקט ווי מיר אַלע, נעמט די דערנער אַזוי גוט אָן ווי בלומען.
זיין ענערגיע גיסט זיך דאָ אַריין אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם
ענערגיע פון די, וואָס שלאָגן זיך קאָפּ אָן וואַנט, אויפצוהאַלטן
און באַפעסטיקן אַלץ, וואָס איז געזונטער און שענער אויף
אונדזער מיט דערנער־דערוואַקסענעם אידישן קולטור־פעלד.

זיין היים איז דאָ אָפן. ביי דער אָפענער, גאַסטפריינט־
לעכער טיר, ווי אַמאָל, וואַכט נאָך אַלץ די ליבע, ליבע אשת
חיל רבקה עלקין.

# דער מענדל עלקין יובילײ קאָמיטעט

באַגריסט דעם יובילאַר
און ווינטשט אים אריכת ימים ושנים.



דוד פּינסקי ........ ערן־פּאָרזיצער
פּרץ הירשביין ........ פּאָרזיצער
אַגאַ קאָוונער ........ סעקרעטאַר
א. סטעף ........ סעקרעטאַר
נ. קאַזשדאַן ........ קאַסירער

אַבראַמאָוויטש, ב.
אויערבאַך, א.
איגנאַטאָוו, דוד
אייזענבערג, נעמי
אייזנער, ג.
אָפּאַטאָשו, י.
באָסקין, י.
באַריישאַ, מ.
ביאַלאָסטאָצקי, ב. י.
בערג, י.
בולאָוו, יוסף
בן־עמי, י.
גאָלדבערג, ב. צ.
גאָרדאָן
גוסקין, ר.
גילדין, ה.
גינגאָלד, פּ.
גלאַנץ־לעיעלעס
דובינסקי, דוד
דוואָרקין, ב
דינגאָל, ש.
האסקעס, ב.
האַרליק, ע.
העלד, א.
וויינער, לאַזאַר
וואַלאַדעק, ב.
זיסקין, ה.
זינגער, י. י.

זשיטלאָווסקי, דר. ח.
טיילאָר, י.
יהואש, חוה
יפה, י.
יודסאָן ש.
כאַנין נ.
לייוויק, ה.
ליפּשיץ, ש.
לעהרער, לייבוש
לעהרער, ליפּע
לעווין ב.
לעווין, י.
מאַניעוויטש, א.
מאַרגאָשעס, דר. ש.
מאַרקוס, ס.
מאָלאָדאָווסקי, קאַדיע
מוקדוני, דר. א.
מינדלין, מרס. ה.
מינקאָוו, נ.
מינקין, דר.
מלכה־לי
מעסטל, י.
נאוואק, ה.
ניגער, ש.
סיגעל, ל.
סעלצער, מרס.
עדלין, וו.
עהרענרייך, ה.

פּראָוואָטינער, א.
פּרוזשאַנסקי, ל.
פיינערמאַן, נ.
פריד, לאַזאַר
קאָברין, ל.
קאָוונער־גראָדסקי
קאַמענעצקי, נ.
קאָפּילאָוו, מרס.
קאַראַלניק, דר. א.
קאַטין, מ.
קלינג, דר. י.
קרישטאל, ל.
ראָבינסאָן, דר.
ראָזענפעלד, ש.
ראַסקין, ר.
ריווקין, ב.
רייזען, א.
רודינאָוו, מ.
שאַפּיראָ, י.
שאַצקי, דר. י.
שוואַרץ, מ.
שווייד, מ.
שומיאַטשער, א.
שיין, דוד
שיפרין, א.
שלאָסבערג, י.
שניידער, בענאָ
שפּיטאלניק, ל.

# באַגריסונג פון אַרבעטער רינג



אונדז פאַרדריסט זייער, וואָס עלקינס יובילייִ איז אויסגעקומען אין אַ צייט, ווען דער אַרבעטער רינג איז געווען פאַרנומען מיט קאָנווענשאָנס, וועלכע האָבן פאַרשלונגען אונדזער גאַנצע צייט און מיר האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו זיין זעכציק־יאָריקן יובילייִ, געבן אָן אָפּשאַצונג וועגן די פאַרדינסטן, וואָס מענדל עלקין האָט פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציע, ספּעציעל פאַר דער קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס דער אַרבעטער רינג פירט אָן.

ביי יעדער אַרבעט, וואָס מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט מענדל עלקין, האָבן מיר אין אים אַלעמאָל געטראָפן אַן איבערגעגעבענעם און אויפריכטיקן פריינד צו אונדזער אָרגאַניזאַציע. מיר ווינטשן אים לאַנגע יאָרן פון פרוכטבאַרער טעטיקייט.

**בילדונגס קאָמיטעט פון אַרבעטער רינג**

**נ. כאַנין, דירעקטאָר**

מיר שיקן אונדזער חבר'שע און האַרציקע באַגריסונג צו חבר מענדל עלקין צו זיין 60 יאָריקן געבורטסטאָג.

מיר ווינטשן דעם יובילאַר נאָך פילע יאָרן פון פרוכטבאַרע טעטיקייטן אויף אַלע געביטן פון דער אידישער קולטור און אידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

גענעראַל עקזעקוטיווע פון

## אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד

דוד פינסקי, פרעזידענט

ל. סיגאַל, סעקרעטאַר

---

## די טוער און מיטגלידער פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

באַגריסן חבר מענדל עלקין צו זיין זעכציקסטן געבוירנ־טאָג און ווינטשן אים און זיין פאַמיליע אַ סך גליק און נחת עד מאה ועשרים שנה.

---

האַרציקסטע באַגריסונג:

אַריכת ימים ווינטשט דעם בעל־יובל

מענדל עלקין

## דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט

אַמאָפּטייל

---

אַ האַרציקן חבר'שן גרוס מענדל עלקינען צו זיין יובילייִ — שיקט

## די אידישע קולטור געזעלשאַפט

---

אַ האַרציקע באַגריסונג דעם אידישן קולטור־טוער מענדל עלקין, פאַר זיינע פאַרדינסטן פאַר דער אידישער קולטור.

## שטאָט־קאָמיטעט פון די אידישע קינדער־שולן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן.

נ. קאַמענעצקי, סעקרעטאַר

דורכגעדרונגען מיט מענדל עלקינס איבערגעגעבנקייט און ליבע צו דער אידישער שול און קולטור — ווינטשן מיר אונדזער בעל־היובל געזונטע און קולטור שעפערישע אַריכת ימים.

## שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, שיקאַגע

**י. א. דובאָוו, פּאָרזיצער**
**דר. מ. בראָנשטיין, סעקרעטאר**

---

מיר באַגריסן הארציק מענדל עלקין, דעם געטרייען היטער פון קולטורעלע און מענטשלעכע ווערטן. מיר ווינטשן אים לאַנגע, געזונטע און שעפערישע יאָרן צו זיין מיט אונדז און ווייטער שטיין אויף דער וואך אַזוי אייפעריק און מונטער ווי ביז איצט.

## אידישער טעאַטער קלוב

---

## די אידישע אַקטיאָרן יוניאָן

באַגריסט דעם לאַנג־יאָריקן טעאַטער־טוער, מענדל עלקין, צו זיין זעכציק־יאָריקן געבוירנטאָג.

**ר. גוסקין, מענעדזשער**

---

מיר באַגריסן הארציק מענדל עלקינען צו זיין יובילייִ.

## „אַרטעף״־פּאַרוואַלטונג
## און שפּילער־קאָלעקטיוו

---

מיר באַגריסן הארציק דעם חשוב׳ן יובילאַר חבר מענדל עלקין.

## אונדזער קלוב

# באַגריסונג

●

מיט ליבע און דרך־ארץ צו אונדזער פריינט און חבר מענדל עלקין צו זיין 60־יאָריקן יובילײ.

## שיקאַגאָ שלום עליכם מיטלשול:

| | |
|---|---|
| רחל גערטלער | לייוויק האָרעקער |
| יאַנקל שטיינבערג | ברוך סילווערמאַן |
| יאָסל בראָנשטיין | הינדע ראָזנבלום |
| עליזע בן־עמי | בינה זאַלץ |
| עליע שוואַרץ | חנה גערטלער |

---

די אידישע קולטור געזעלשאַפט באַגריסט חבר מענדל עלקין צו זיין זעכציק־יאָריקן געבורטסטאָג.

זיין יעדער באַזוך אין אונדזערע פּראָווינץ־שטעט איז אַ יום־טוב, ווייל ער קומט צו אונדז ווי אַן אייגענער, אַן ענערגישער מיטאַרבעטער און אַ פּראַקטישער וועג־ווייזער.

**דר. א. האַלפּערן, סעקרעטאַר, קליוולאַנד**

---

מיר באַגריסן מענדל עלקין צו זיין זעכציק־יאָריקן יובילײ. זאָל ער נאָך לאַנג לעבן און זיין טעטיק אויף אונדזער קולטור־פראָנט.

**457 אַ. ליטוואַק צווייג פון אַרבעטער רינג**
**און אידישע קולטור געזעלשאַפט**
גרענד רעפּידס, מישיגען.

---

אַ הארציקע באַגריסונג צו אונדזער ליבן פריינד און חבר מענדל עלקין, צו זיין 60 יאָריקן געבוירנטאָג. זאָלן אונדזערע וואונטשן צו אייך מקוים ווערן.

איינוואוינער און פאַרוואַלטער פון
**מוירט קאָלאָניע**

צו מענדל עלקין, דעם געטרייען פריינד און ליבן חבר.
ער וועט ניט פאררא̇טן, ער וועט ניט מיד ווערן!

**דוד איגנאַטאָוו**

---

מענדלען — דעם חבר און ברודער — מיין באַגריסונג.

**יעקב בן־עמי**

---

מיין הארציקע באַגריסונג מענדל עלקינען צו זיין זעכציקסטן געבורטסטאָג.

**אַראָלף וואַרשא**

---

די מיטגלידער פון מיטל מעריב ראַיאָן קאָמיטעט אידישע קולטור געזעלשאַפט, באַגריסט דעם מיטקעמפער און טייערן חבר

**מענדל עלקין**

און ווינטשן אים לאַנגע יאָרן און פרוכטבאַרע טעטיקייט.

**שלמה בערקאָוויטש, סעקרעטאַר**

---

א הארציקע באַגריסונג צו דעם ליבן חבר און וויכטיקן מענטשן

**רב מענדל עלקין**

צו זיין זעכציק־יאָריקן יובל.

**דעטראָיטער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט**
**שלום עליכם פרויען לייען קרייז, קולט. געז.**

---

טייערער בעל־היובל מענדל עלקין:

מיר באַגריסן אייך הארציק צו אייער זעכציק־יאָריקן געבוירנטאָג און ווינטשן אייך געזונט, גליק און אריכת ימים.

**דר. ראובן און שרה ראַבינסאָן**

---

מיר האָבן ניט קיין פיל מענטשן ווי מענדל עלקין, וועלכע זאָלן זיך אליין מקריב זיין פאר א הייליקער ארבעט.

ווינש איך אים, דעם יובילאר, נאָך לאנגע יאָר פון פרוכטבארער ארבעט אויפן פעלד פון אונדזער אידישער קולטור.

**ב. מ. לייקין, דעטראָיט**

---

אונדזער הארציקע באגריסונג א הארציקן חבר, קולטור־טוער און אויפטוער מענדל עלקין. זאָל ער לאנג לעבן און ארבעטן צווישן אונדז.

**בערל און כיענע מאָריסאָן**

**אַרטור און חייקע שעכטער, גרענד רעפידס**

---

אזוי, אזוי... איז שוין אונדזער מענדל אלט 60 יאָר... ווער זאָגט עס ?

**ל. מ. שטיין**

---

מיט אמת'ע פרייד שיק איך מיין באגריסונג צו אונדזער אלע־מענס באליבטן יובילאר מענדל עלקין.

**יאָסל דראַסט, קליוולאנד**

---

מיר באגריסן הארציק אונדזער ליבן חבר מענדל עלקין צו זיין זעכציק־יאָריקן געבורטסטאָג און ווינטשן אים אריכת ימים פון שע־פערישער קולטור־טעטיקייט.

**מרים און ישראל ברזלי, שיקאגאָ.**

---

מיר ליבן און באגריסן אונדזער יונגן חבר מענדל עלקין.

**מרים (מימי) און אַביגדור (עדי) קאַוונער**

מיט שטאָלץ און פרייד באַגריסן מיר אונדזער עלטסטן־אײנגסטן ברודער מענדל צו זיין זעכציקסטן געבוירנטאָג.

מענדל איז פון די יונגע יאָרן אָן געווען אונדזער דערמונטערער, — און איצט אויף דער עלטער איז ער נאָך אַלץ דער יונגער און מוטיקער מענדל, וואָס דערמונטערט אַלעמען פון אונדז.

מיר ווינטשן אים געזונט און אריכות ימים. מיר ווינטשן אים, ער זאָל אויסלעבן זיינע יאָרן מיט זיין ליבער פרוי רבקה, מיט זיין בת־יחידה אסתר און איר מאַן, אַזוי שיין און מונטער ווי ביז איצט.

ברודער: לייבל עלקין און משפחה.
שוועסטער: טשערניע מיטן מאַן און משפחה.
שוועסטער: רחל מיטן מאַן און משפחה.

---

• אונדזער האַרציקע באַגריסונג און ברכות מענדל עלקינען צו זיין זעכציק יאָריקן יובילײ.



אַמאַלגאַמעיטעד באַנק, אַדאָלף העלד, פּרעזידענט.

אַרבעטער רינג כאָר, ניו־יאָרק.

אידישער קולטור צענטער ש. ע. הייזער.

פאָלקס בינע און ברענטש 555 אַר. רינג.

גערשוני ברענטש 247 אַר. רינג.

ברענטש 33, אַרב. רינג.

קולטור געזעלשאַפט אַרבעטער כאָר.

שול 14 אַר. רינג, בראָנקס.

פרויען קלוב פון שלום עליכם קאָאָפּעראַטיוו.

**פּאַראַמאָונט קייטערער, 601 וועסט 183טע סטריט.**

| | |
|---|---|
| אייסען, דר. און מרס. | Dr. B. Warren |
| אייזנבערג, טש. | וויינשטאָק, י. |
| אקון, מר. | זיסקין, פּעני און הענרי |
| אייזנער, גוסטאַוו | חפץ, וולאַדימיר |
| באראנאף, שלום | טיילאר, יוסף און פאַמיליע |
| בוקזין, ראָזע | טוראק, ג. |
| ברזל, וואולף | יודסאַן, ש. |
| בראַנדעס, ש. | כאַנין, ג. |
| בראָמבערג, אהרן | לוקין, יהושע |
| בלומגאַרדן־דוואָרקין, עוועלין | לי, מלכה |
| ברעסלער, סאָפי און מ. | לעווין, חנה |
| גאָרדאָן, לואיס | לעווין, רבקה |
| גוטמאַן, מר. און מרס. | לעווין, פּעני און שלמה |
| גילדין, מר. און מרס. | לעווין, מר. און מרס. |
| גאָרדאָן, ל. | לעווין, ב. |
| גאָלדבערג, איטשע | לאַנדסבערג, אידל |
| גאָלדבערג, ב. צ. | מינקין, דר. י. |
| דאבזשינסקי, י. | מינקין, קיילע |
| דינגאָל, ס. | מאַניעוויטש, א. |
| דווארקין, ב. | מינדלין, מרס. ה. |
| דאווידאוויטש, ש. | מאַרקוס, מר. און מרס. |
| דראפּקין, ציליע | מאַרגאָשעס, דר. ש. |
| האסקעס, ש. און ב. | מלמד, פּערל, שמחה |
| האָראָוויץ, יצחק | סעלצער, מרס. |
| הערשפעלד־פּאָמעראַנץ, פּעסי, שיקאַגאָ | |
| הורוויץ, ב. | סילווערמאַן, ה., שיקאַגאָ |
| וויינער, לאַזאַר און שרה | סאַנדלער, גדליה |

| | |
|---|---|
| סווידער, משה | קאַמענעצקי, זינע און נ. |
| סאנאבענד, אברהם און פרוי | קאָוונער, אגא |
| עפשטיין, אננאַ | קלינג, דר. און בערטאַ |
| עדלין, וו. | קאָפעלאָף, מרס. |
| פעלדמאַנס, חברים | קראָנשטאַט, מר. און מרס. |
| פען, דר. און מרס. | קאָרן, ש. |
| פרוזשאַנסקי, לעאָן | ראַבינאָוויטש, אָלגאַ |
| פראוואטינער, שרה | (מרס. שלום־עליכם) |
| פאָמעראַנץ, י. ה., שיקאַגאָ | רובינשטיין, איזידאָר |
| פלאַט, מאַניע און סאָל | ראסס, סידני |
| פרידמאַן, בצלאל | רודינאָף, משה און פינע |
| פיטקאווסקי, ש. | ראַפאָפאָרט, אהרן |
| פישמאַן, אהרן און סאָניע, | שיק, דוד, פאָלי און ישעיה |
| קאַץ, אַלעקס און פרוי | שיפרין, מר. און מרס. |
| קאָזלאָווסקי, נאָטע און אידע | שאַפּיראָ, ראַשע און יוסף |
| קאזדאן, נתן און דאָרע | שומיאַטשער, בעלאַ |
| קרעמער, נ. | שלאָסבערג, יוסף |
| קרישטאל, לעאָן | שטומער, יוסף |

צו מענדל עלקין — צו זיין 60־יאָריקן געבורטסטאָג!

אַ האַרציקע באַגריסונג צו אַ חבר און אַ פריינט; צו איינעם, וועלכער האָט אַזוי פיל כחות אַוועקגעגעבן פאַר די אינטערעסן פון אונדזער קולטור; צו איינעם, וועלכער איז אַן עוסק בצרכי צבור באמונה; טוט אַליין און מאַכט אַנדערע צו טאָן. הלואי וואָלטן אונדזערע קולטוריסטן פון אַלערליי שאַטירונגען און באַוועגונגען וויסן ווי אָפּצושאַצן אַזעלכע געטרייע אַרבעטער פאַר אַלץ וואָס איז שיין אין אידישן לעבן, ווי מענדל עלקין — און זיי זאָלן עס טאָן אַזוי, אַז ער אַליין זאָל טאַקע דערפון קאָנען האָבן אַ נחת־רוח...

זאָל ער זיין געזונט און פאָרטזעצן זיין גוטע אַרבעט פאַר לאַנגע, לאַנגע יאָרן ווי עס ווינשט אים זיין פריינט,

**מאיר קאַסטאָף**